שלמה עמינגער

# אויסגעקליבענע שריפטן

קאָמעדיע, משלים, קאַטאַוועסלעך

בוענאָס־איירעס
יוסף ליפשיץ־פאָנד ביים קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע

שלמה עטינגער

# אויסגעקליבענע שריפטן

## קאָמעדיע, משלים, קאַטאָוועסלעך

פראַגמענטן פון פאָרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
און זכרונות

אַריינפיר און רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי



1טער באַנד פון ציקל

# מוסטערווערק פון יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

## יוסף ליפשיץ-פאַנד
## ביים קולטור-קאַנגרעס
## אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע פון

שמואל ראָזשאַנסקי


טיראַזש: 1000 עקז׳

יאַר: ה׳תשי״ח — 1957

אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוו׳ יידישן קולטור-קאַנגרעס

# אַ ביבליאָטעק וואָס פעלט

דער אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס הייבט־אָן מיט דעם דאָזיקן בוך אַרויסגעבן אַ ציקל מוסטערווערק פון יידישער ליטעראַטור צום לייענען און לערנען, אָריענטירט בעיקר אויפן יונגערן דור, פאַראינטערעסירט צו העלפן די וואָס לערנען אין יידישע מיטלשולן, לערער־סעמינאַרן, קורסן פאַר יודאַיק, לייענקרייזן, שטודיר־צענטערס און אויטאָדידאַקטן. די ביכער — אויסגעקליבענע שאַפונגען וואָס האָבן בייגעטראָגן צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און פון וועלכע מ׳קען האָבן קינסטלערישן גענוס אויך היינט — וועלן מיט דער צייט צוזאַמענשטעלן אַ ביבליאָטעק, צו באַקענען מיט די גרונטווערק פון דער יידישער וואָרטשאַפונג און געבן, אַזוי אַרום, אַ ברייטן באַגריף פון איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג, אירע טענדענצן אין פאַרשיידענע תקופות, איר ראָלע און ווירקונג אינעם יידישן לעבן, ווי איר נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע אויסשטראַלונג. וואָרן צו די מוסטערווערק וועלן צוגעגעבן ווערן, חוץ ביאָ־און ביבליאָגראַפישע אַריינפירן, כאַראַקטעריסטיקעס און אָפּשאַצונגען וועגן יעדן שרייבער באַזונדער, אויך פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן וועגן דער עפּאָכע, געשיכטע, גענעזע פון וויכטיקע ווערק, זייערע קינסטלערישע ווערטן און צושטייער פאַר דער יידישער שפּראַך, קולטור, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אידייען.

אַז עס פעלט אַזאַ ביבליאָטעק, דאָס ווייסן אַלע. אַז דאָס פעלן פון אַזעלכע ביכער איז אַ גרינגער תירוץ, מען זאָל נישט לייענען און אַוודאי נישט לערנען די ווערק און ממילא וועגן די שרייבערס, איז נאַטירלעך. דערפאַר איז בדרך כלל נישטאָ קיין רעכט פאַרצוזואָרפן די לערן־אַנשטאַלטן און אַפילו קולטור־אינסטיטוציעס, הלמאי זיי גיבן ניט קיין רייכערע בילדער פון דער יידישער ליטעראַטור. ס׳פעלן טעקסטן. ס׳פעלט רוישטאָף. לערערס און פּראָפעסאָרן פון יידיש באַהאַלטן אָפט מאָל אויס די בושה און דעם צער...

אַ ברירה האָבן זיי? „נישטאָ קיין ביכער"! אַלטע ביכער פאַרשווינדן. די וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן איז פאַר אַ יונגן לייענער שווער צו ניצן: אָדער די אָרטאָגראַפיע איז פאַרעלטערט, אָדער זי האָט זיך צופיל אָפגעזאָגט פון אַלטע טראַדיציעס, אָדער זיי זיינען אַזוי אָנגע־פּראָפט מיט לאָקאַליזמען און טערמינען, באַגריפן און סימבאָלן, וועלכע זיינען פרעמדלעך פאַר די יונגע דורות, איבערהויפט אין די נייע ישובים, אין סביבות ווו עס ווערן צעדרייט און פאַרקריפּלט ווערטער, ווערטלעך און ווערטן.

פון דער דאָזיקער זאָרג קומט־אַרויס די דאָזיקע איניציאַטיוו. געפינענדיק זיך אין שליחות פון קולטור־קאָנגרעס אין דרום־אַפריקע, האָט פ' שמואל ראָזשאַנסקי געפונען פאַר איר אַן ענטוז־יאַסטישן שותף, וועלכער וויל האָבן דעם נחת־רוח צו דערלייגן געלט צו אַזאַ וויכטיקער און ליכטיקער אַרבעט. דאָס איז דער יאָהאַנעסבורגער קולטור־טוער יוסף ליפשיץ, קאַסיר פון דובנאָוו־קאָמיטעט אין ד"אַ. ער איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דער אי־ניציאַטיוו, אַז ער האָט פאַר איר אָנגעבאָטן דעם נייטיקן פאָנד. און — שוין דאָס אַליין שטעלט־פאָר דעם פ' יוסף ליפשיץ.

דער ענדגילטיקער פּלאַן איז: א) אַרויסגעבן שליסלווערק פון יידישער ליטעראַטור צום לייענען און לערנען; ב) לפחות פיר ביכער אַ יאָר; ג) דער טראָפּ זאָל געלייגט ווערן אויף ווערק וואָס פאַרנעמען אַן אָרט אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור אין פאַר־שיידענע תקופות; ד) אויסניצן וויכטיקע דאַטעס פון פייערונגען, יובילייען, יאָרצייטן, כדי צו פאַראינטערעסירן ברייטערע קרייזן; ה) די אויסגאַבעס זאָלן פאַרקויפט ווערן צו אַזעלכע ביליקע פרייזן, אַז דער יונגער עולם זאָל נישט קענען באַטראַכטן דאָס בוך פאַר אַ „צו־גרויסן לוקסוס".

מיר זיינען **זיכער**, אַז די ביבליאָטעק פון יוסף ליפשיץ־פאָנד וועט אַרויסרופן די וואַרעמסטע געפילן ביי די אַלע, וועלכע וועלן פון די ביכער גניסן, אָפּגערעדט שוין פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס און זיינע פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציעס.

**ו' חשוון ה'תשי"ח**
**31סטן אָקטאָבער 1957.**

**קולטור־קאָנגרעס**
**אין אַרגענטינע**

# תוכן

זייט


בילד פון שלמה עטינגער ........................... 9
ביאָגראַפישע שטריכן ................................ 10
שמואל ראָזשאַנסקי — שלמה עטינגער און זיין בייטראָג
פאַר דער יידישער ליטעראַטור ...... 11
פיר שערבלעטער פון עטינגער־אויסגאַבעס ............... 32
קאַטאַוועסלעך ...................................... 33

צו מיין ביכל ............ 35
דער קריטיקער ............ 35
די שרייבערס ............ 35
אויף אַ מחבר ............ 35
פריינד און שונאים ........ 36
מיינע פריינד ............ 36
מיין ערגסטער פיינט ...... 36
אַ שטילער שונא .......... 36
ביי מיין געבורטסטאָג ...... 37
גאָר קיין מורא ............ 37
אַ נייע דערפינדונג ........ 37
אַ טייערער ייד .......... 38
די נאַראָנים ............ 38
די פויערן ............ 38
דאָס איינרעדעניש ........ 38
דער צונגפעלער .......... 38
דער שפעטער ............ 39
די דאגה ............ 39
דער נוסקנאַקער .......... 39
די טרערן ............ 39
דער בעל־רחמן .......... 40
די נקמה ............ 41
מנשה שוטה ............ 42
דער ליידיקגייער .......... 42
ווייבערישע תפילה ........ 42
טאָג אין נאַכט .......... 42
דער פאַרענטפער .......... 42
לוט ............ 43
דער פרומער ............ 43
דער בעסטער מאַן ........ 43
בלעמס אייזל ............ 43
דער עזות־פנים .......... 43
דער פאַרטראַגענער מח ...... 44
דער בעל־חוב ............ 44
אויף אַ גנב ............ 44
דער בעל־צדקה .......... 45
די שיכורים ............ 45
יהודא ............ 45
די חברים ............ 45
דאגות נאָך דעם טויט ...... 46
מצבה ............ 46
מצבה אויף אַ פרעסער ...... 46
קורחס מצבה ............ 46

זייט

משלים ........................................ 47

קיקערעקי .................. 49
די קינדער ............... 50
דאָס איי ................. 50
דער וועוועריק ............ 51
די רעדער ................ 53
די ציגאַרן ............... 53
דער שלום ................ 55
די מאַלפּע ............... 56
דער האָן .................. 56
דער בעל־הלוואה .......... 58
די ביקס .................. 59
די צוויי הענער ............ 60
די שער ................ 62
די דריי זין ............... 62
די אַסיפה ............... 66
דעם לייבס משפט .......... 69
די צוויי פערדלעך ......... 70
די צוויי ציגן ............ 72
צוויי גוטע פריינד ........ 73
טעמערל מיט דעם האָן ..... 75
דער דאָרן ............... 76

סערקעלע, קאָמעדיע אין 5 אויפציִען ...................... 77

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון עטינגערס לעבן און שאַפן ..... 235

ד״ר מאַקס ווײַנרײַך — שלמה עטינגער און די רוסישע צענזור .. 237
יודאַ א. יאָפע — קאַטאָוועס צי כתבות? .................. 241
ד״ר א. קאַפּעל — ד״ר שלמה עטינגערס „שרהקעלע״ ....... 248
אברהם יעקב פּאַפּערנאַ — די ערשטע יידישע דראַמע
און דער ערשטער יידישער ספּעקטאַקל ............... 252
מ. ווינער — ווירקונגען פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור
אין עטינגערס „סערקעלע״ ......................... 254
ש. ר. — נאָכבאַמערקונגען .............................. 261



רעפּראָדוקציע פון אַ בלאַט עטינגערס „סערקעלע״ אין כתב־יד 202



שלמה עטינגער — דאָס איינציקע בילד וואָס איז איבערגעבליבן — געמאָלן פון זיין חבר אין לעמבערגער אוניווערסיטעט, שפּעטער אַ באַרימ־טער דאָקטער אין ווין, אַרנאָלד זשעלינסקי

# ביאָגראַפישע שטריכן

שלמה עטינגער, געבוירן אין וואַרשע, אין 1803 (?), געהערט צו אַ חשובער משפחה פון רבנים, סוחרים, פרנסים און שתדלנים אין פוילן. דער זיידע איטשע איז געווען, וואַרשיינלעך, רב אין כעלעם. דער פעטער יחיאל־מיכל ראַווער־עטינגער: „איש גדול ליהודים" אין וואַרשע. דער טאַטע, יוסף־יאָסקע, געהאַט סמיכות. פרי פאַריתומט, איז שלמה אַריבער צום פעטער מענדל, רב אין לענטשנע, ביי לובלין. חוץ תורה דאָרטן געפונען טאָלעראַנץ צו וועלטלעכע קענטענישן, בעיקר דייטש.

צו 15 יאָר חתונה געהאַט מיט דער 14יאָריקער גאָל־ע גאָלד, אַ טאָכטער פון אַ נגיד אין זאַמאָשטש, וווּ ער איז אַריבער אויף קעסט און לערנען ווייטער אין בית־מדרש, און די פרוי איז אָנגעגאַנגען מיט אַ גלאָזוואַרג־געשעפט.

געקומען קינדער (7 מיט דער צייט). די קראָם איז אַוועק שלעכט. אַ קריזיס־צייט. האָט ע., בייטנדיק די קאַפּאָטע אויף „דייטשישע קליידער". זיך געלאָזט זוכן תכלית אין דער פרעמד. נעפרוווט אין אָדעס ביי האַנדל — אָן מזל. איז ער אַוועק קיין לעמבערג. אַרום 1825. אויסגעקליבן די מעדיצינישע קאַריערע און אַרום 1830 געקראָגן דעם דיפּלאָם. אין דער זעלביקער צייט אַנטפּלעקט אין זיך דעם טאַלאַנט צו שרייבעריי און מאָלעריי. אין לעמבערג אָנגעהויבן שרייבן זיינע משלים און די קאָמעדיע „סערקעלע".

ע. קומט צוריק אין זאַמאָשטש, אָבער די מאַכט פאַרלאַנגט אַ דיפּלאָם פון אַ רוסישן אוניווערסיטעט. בלויז אין די צייטן פון כאָלערע־עפּידעמיעס (אָנגעטראָגן דורך דעם מיליטער צו דערשטיקן דעם פוילישן אויפשטאַנד אין 1831) לאָזט מען אים פּראַקטיצירן פריי מעדיצין, ד"ה, איינשטעלן דאָס לעבן... זיינע נסיעות קיין וואַרשע (1833) און כאַרקאָוו (1846) ברענגען אים בלויז עגמת־נפש. דאָך קריגט ער צווישן חולאים און פריינד אַ שם פון אַ מענטשן מיט הומאָר און וואַרעמען געמיט, אַ פאָלקס־דאָקטער, וואָס פלעגט דערציילן קאַטאָוועסלעך און צומאָל פאַרלייענען זיין „סערקעלע".

שלמה עטינגער האָט געמאַכט עטלעכע פרוון צו דרוקן זיינע כתבים: אין 1837 און 1847. ער האָט שוין אַפילו באַקומען פון דער צענזור אַ דערלויבעניש צו פאַרעפנטלעכן זיינע עפּיגראַמען און קאָמעדיע, אָבער אַזוי ווי דער צענזאָר האָט אויסגעמעקט היפּש שטעלן, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר „געפערלעך", האָט ע. זיך אָפּגעזאָגט פון דרוקן זיין בוך, וואָס וואָלט געווען אַ פאַרקריפּלונג פון זיין אמתן ווערק.

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט שלמה עטינגער געוווינט אין דער קאָלאָניע זשדאַנאָוו, וואָס ער האָט געהאָלפן גרינדן, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון דער השכלה: זיך אָפּגעבן צו ערדאַרבעט. און ווען ער איז געשטאָרבן און מ'האָט אים געבראַכט קיין זאַמאָשטש, האָט די גאַנצע שטאָט אים באַגלייט צום בית־עלמין, פרומע און אויפגעקלערטע, רבנים און עמך.

ש. ע. איז געשטאָרבן דעם 31סטן דעצעמבער 1856.

*

שלמה עטינגער האָט נישט דערלעבט צו זען געדרוקט קיין איין שורה פון זיין שאַפן.

# שלמה עטינגער און זיין בייטראַג
# פאַר דער יידישער ליטעראַטור

## דער קוריאָז און דער ווונדער

שלמה עטינגער איז די אינטערעסאַנטסטע דערשיינונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אַ קוריאָז און אַ ווונדער.

דער קוריאָז: אַ שרייבער וואָס הייבט־אָן לעבן ערשט נאָכן טויט.

דער ווונדער: דער דאָזיקער שרייבער, וואָס האָט נישט דער־לעבט צו זען געדרוקט קיין איין שורה פון זיין שאַפן, ווערט וואָס ווייטער אַלץ חשובער, אַלץ העכער געשאַצט, ביז ער ווערט אָנער־קענט ווי דער עלטערזיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

דאָס איז אַ משל מיט אַ נמשל אויפן ייִדישן לעבן בכלל און דער ווונדער פון ייִדיש בפרט.

עטינגער ווערט אַ סימבאָל אין דער ייִדישער ליטעראַטור. דער נס פון איבערלעבן די שווערסטע צייטן, אַן ענטפער די מקוננים און מאַזאָכיסטן, וועלכע האַלטן אין איין קלאָגן אויפן אונטערגאַנג.

ווען שלמה עטינגער וואָלט היינט אויפגעשטאַנען פון קבר און געזען די גאַנצע ליטעראַטור, וואָס איז וועגן אים אָנגעשריבן געוואָרן — אַז זיין „סערקעלע" איז געשפּילט געוואָרן אַפילו אין פּראָפע־סיאָנעלע טעאַטערס און מוסטערן פון זיינע ווערק ווערן געלערנט אין ייִדישע שולן און סעמינאַרן — וואָלט ער מסתמא נישט געוואָלט גלייבן . . .

ער אַליין האָט דאָך נישט זוכה געווען צו זען פאַרעפנטלעכט קיין

אין בלעטל פון זיינע שריפטן! נישט איין מאָל האָט ער זיך באַמיט אַרויסצוגעבן אַ בוך, אָבער ס'איז פון דעם גאָר נישט געוואָרן.

אַז ער איז געשטאָרבן, האָט אים זאַמאָשטש טאַקע אָפּגעגעבן גרויס כבוד אויפן וועג צום קבר. ער איז געווען פּאָפּולער און באַ־ליבט. געוווינט אין זיין פּעלדהיים, אין זשדאַנאָו [1], און מקיים געווען די מצווה פון דער השכלה, אַז ידן זאָלן זיך אָפּגעבן צו ערדאַרבעט. גלייכצייטיק אָנגעגאַנגען אין דער שטאָט (אַ פינף קילאָמעטער פון דער קאָלאָניע) מיט זיין דאָקטאָריע. אמת, געהאַט פון איר אַ סך עגמת־נפש און ווייניק חיונה, אָבער דערפאַר — אַ שם פון אַ פאָלקס־דאָקטער און פון אַ מחבר. איבערהויפּט צווישן די חולאים געלאָזט הערן זיינע קאַטאָוועסלעך, וועלכע זיינען נאָך דעם אַרומגעגאַנגען פון מויל צו מויל צווישן עמך, און זיין קאָמעדיע „סערקעלע" אין מאַ־נוסקריפּט צווישן אינטעליגענץ. בעלנים האָבן, אַ פּנים, נישט געפעלט. „זאַמאָשטש האָט געהאַט אַ שם פון אַ לומדישער שטאָט" און „ידן האָבן געזוכט ספרים, זיי געקויפט און אָפּגעהיט". געווען ביי וועמען צו לערנען. ר' ישראל בן משה זאַמאָשטש (1700—1772) איז געווען משה מענדעלסאָנס רבי. ס'איז באַקאַנט דער בעל שם מזאַמאָשטש (ר' יואל בן אורי היילפּערן, געשט' 1771). פון די זאַמאָשטשער משפחות צעדערבוים, בלאָך, אייכענבוים, רייפמאַן קומען־אַרויס וויכ־טיקע משכילים, כלל־טוערס, שרייבערס מיט אָנזען אין דער ליטע־ראַטור ווי אין דער געשיכטע. געפעלן ווערן אין אַזאַ שטאָט איז זיכער נישט געווען פון די לייכטע זאַכן, בפרט אַז ווי פאַר יענער צייט איז די באַפעלקערונג נישט געווען קיין קליינע. „אין 1827 האָט די ידישע באַפעלקערונג פון זאַמאָשטש געציילט 2.874 נפשות לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 5.414, ד"ה, אַז ידן האָבן דע־מאָלט אויסגעמאַכט 54% פון דער באַפעלקערונג", בעת „אין 1856 האָט זאַמאָשטש געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 2.475 ידן און 1.531

---

[1] דער דאָזיקער דאָרף, געגרינדעט פון אַ גרופּע משכילים אין 1846, איז שפּעטער באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאָלאָניע עטינגער".

ניט־ייִדן״ [2]. אין אַזאַ טיף־ייִדישער שטאָט איז ד״ר שלמה עטינגער געווען אַזוי באַליבט, אַז „ווען מען האָט אים געבראַכט פון זשדאַנאָוו אין שטאָט אַריין, איז דאָס בית־דין אַרויס אַנטקעגן און געטראָגן דעם אָרון ביזן בית־עולם״ [3], נישט געקוקט אויף דעם וואָס עטינגער איז געווען אַ משכּיל. ביי די אַלע סימפּאַטיעס, ביי דער גאַנצער פאַרערונג, האָט קיינער זיך נישט מרחם געווען אויף זיין ליטעראַרישן עזבון. און אַז מ׳האָט אין זאַמאָשטש זיך נישט אומגעקוקט אויף זיין ירושה, וואָס האָט מען געקענט דערוואַרטן פון אַנדערע מקומות, ווו מען האָט גאָר קיין מאָל פון אַ שלמה עטינגער אַפילו נישט געהערט ? וואָלטן זיינע כּתבים נישט געהאַט דעם זעלביקן גורל ווי פון די אַנאָנימע מחברים מיט אַ 600־700 יאָר צוריק ?

נאָר ווונדער איבער ווונדער : פינף יאָר נאָך עטינגערס טויט, אין 1861, ווערט אָפּגעדרוקט זיין גרעסט ווערק. נישט אין זאַמאָשטש, אַפילו נישט אין פּוילן איז עס אָפּגעדרוקט געוואָרן, נאָר אין פּרייסן, אין דעם שטעטל יאָהאַניסבורג. נישט קיין מעצענאַט, נישט קיין פילאַנטראָפּ, נייערט אַ וואָכעדיקער מוכר־ספרימניק האָט עס אַרויס־געגעבן. על פּי צופאַל איז צו אים אַריינגעפאַלן אַ געגנבעטע קאָפּיע פון „סערקעלע״, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט קענען פון אַזאַ ביכל פאַרדינען. אַזוי ווי די שפּראַך, עטינגערס, איז פאַר אים געווען מיט חידושים און המצאות, וואָס זיינען נישט קיין סגולה צו פּרנסה, האָט ער זי „אויסגעבעסערט״ מיט אָנגענומענע ווערטער אין „זשאַרגאָן״. אויפן שערבלאַט אָנגעגעבן : „קאָמעדיאַ אין 5 אַקטן פאָן סערקעלען אָדער דיא פאַלשע יאָהרצייט געשעהן אין לעמבערג שנת תקצה״. איין קליינינקייט האָט דער פאַרלעגער נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק אָנצוגעבן — דעם נאָמען פון מחבר...

אין פלוג האָבן מיר דאָ אַ מוסטער פון קולטורלאָזיקייט און

[2] ד״ר יעקב שאַצקי — „השכלה אין זאַמאָשטש״, אין „ייוואָ־בלעטער״, ניו־יאָרק, באַנד 36, יאָר 1952.

[3] מאַקס ווינרייך — „שלמה עטינגער, זיין לעבן און זיין פּערזענלעכ־קייט״, אין „אַלע כּתבים פון ד״ר שלמה עטינגער״, ווילנע, 1925, ז׳ XLIII.

הפקרות. פון דעסטוועגן האָבן מיר דעם דאָזיקן וווּלגאַרן מוכר־ספרימניק (א. גאַנשאָראָווסקי) צו פאַרדאַנקען, וואָס עס איז אויפגעדעקט געוואָרן איינער פון די גרעסטע אוצרות פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער גורל פון גרויסע אויפטוען איז טייל מאָל אָפּהענגיק פון די קלענסטע מענטשן.

דאָ בעט זיך אויך צו מאַכן אַ פּאַראַלעל.

היינט, אַ יאָרהונדערט נאָך עטינגערן, שפּילט מען אין פאַר־שיידענע לענדער ייִדיש טעאַטער, אין איניקע ערטער טאָג־טעגלעך, און הונדערטער אַקטיאָרן מאַכן פון דעם אַ לעבן, אָבער עס איז נישט מעגלעך צו געפינען אַ פאַרלאַג אָדער בוכהענדלער, וואָס זאָל וועלן אויף זיין חשבון אָפּדרוקן אַ טעאַטער־ווערק. „דער עולם — זאָגן זיי — קויפט נישט קיין פּיעסן". אויב אויטאָרן דרוקן אַליין אָפּ זייערע טעאַטער־ווערק, ווייסן זיי פון פאַרויס, אַז זיי וועלן פאַרלירן אַ סך געלט, אָבער זיי האָפן, אַז דאָס בוך וועט פאַר זיי אַ מליץ יושר זיין און זייערע פּיעסן וועלן גיכער אויפגעפירט ווערן אין טעאַטער.

אין 1861 איז געווען פּונקט פאַרקערט. נישט געווען קיין ייִדיש טעאַטער. אַפילו אַ ליבהאָבער־פאַרשטעלונג איז געווען זעלטן. פון דעסטוועגן זיינען געווען היפש בעלנים אויף ביכלעך געשריבן אין טעאַטער־פאָרעם. והא ראיה: עטינגערס פאַרערערס איז נישט איינ־געפאַלן אָפּצודרוקן „סערקעלע", נאָר אַ מוכר־ספרימניק, וואָס האָט געזוכט סחורה פאַר פאַקנטרעגערס, איז דאָס יאָ איינגעפאַלן.

טשיקאַווע. אין 19טן יאָרהונדערט איז די דראַמאַטישע פאָרעם געווען באַליבט אַפילו ביי אַזעלכע שרייבערס, וועלכע האָבן קיין טעאַטער פאַר זייערע אויגן קיין מאָל נישט געזען און אפשר קיין טעאַטער גאָר נישט געהאַט אין זינען. עס שרייבט אין דיאַלאָג „דער רוסישער משה מענדעלסאָן", יצחק־בער לעווינזאָן, און עס שרייבט אין דער פאָרעם פון פּיעסן דער זיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר ספרים — און ביידע איז טעאַטער נישט געלעגן אין זינען. נאָך מער. ישראל אַקסענפעלד האָט „אָנגעשריבן ביי אַ פאַר

צענדליק דערציילונגען אָדער ראָמאַנען און בלויז עטלעכע דראַמעס, אָבער די דראַמעס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, בעת די דערציילונגען זיינען אַלע, אַחוץ איינער, געבליבן אין מאַנוסקריפּט", כאָטש „אַקסענפעלד האָט ווינציק־וואָס אין זינען געהאַט טעאַטער אַפילו דאַן, ווען ער האָט געשריבן זיינע טעאַטער־שטיק" [4].

דאָס איז מסתמא די סיבה, וואָס די „קאָמעדיאַ פאָן סערקעלע" האָט איינס און צוויי געפונען אַן אָפּקלאַנג, ווי צעמזיקט זי איז אַרויס פון דרוק, כאָטש עס איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן דער נאָמען פון יחוסדיקן מחבר. ווי צעפּאַטשקעט עס איז געווען עטינגערס אָריגינאַל, איז נאָך אַלץ אין ביכל געניג געבליבן, אַז אַפילו אַ פאַרפוילישטע דאַמע פון דער וואַרשעווער אַריסטאָקראַטיע, די טאָכטער פון באַרימטן מאַטעמאַטיקער אברהם שטערן, די פרוי פון פראָמינענטן העברעיִשן געלערנטן און שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר פון „הצפירה" חיים זעליג סלאָנימסקי, זאָל אַזוי אַריינפאַלן אין התפעלות, אַז זי זאָל דווקא וועלן אויפפירן די קאָמעדיע. און ווו? אין זשיטאָמיר, אין דער ראַבינער־שול, ווו איר מאַן איז אָנגעקומען אויפן דירעקטאָר־אַמט, אין 1862. אין אַ סביבה, ווו עס האָט געהערשט אַ פיינטלעכע באַציִונג צו ייִדיש. דאָרטן ווערט צום ערשטן מאָל אויפגעפירט „סערקעלע". און וואָס איז אפשר נאָך וויכטיקער: די הויפּטראָלע, סערקעלע, שפּילט דער 22־יאָריקער סעמינאַריסט אברהם גאָלדפאַדען.

די ערשטע אויפפירונג פון שלמה עטינגערס „סערקעלע" איז אברהם גאָלדפאַדענס דעבוט אין טעאַטער.

— „און איך ביר זיכער — זאָגט זייער אַ חשובער עד־ראיה, דער העברעיִשער שריפטשטעלער אברהם יעקב פּאַפּערנאַ, צום 50־יאָריקן יובילײ פון דער פאָרשטעלונג — אַז די אידייע פון גרינדן אַ ייִדישן פאָלקס־טעאַטער איז דעמאָלט ביי אים געבוירן געוואָרן" [5].

---

[4] ש. ניגער — „דערציילערס און ראָמאַניסטן", 1טער ב', נ"י, 1946, ז' 56.

[5] אַ פראַגמענט ווערט געדרוקט אין דעם בוך, אין די ביילאַגעס „צו דער כאַראַקטעריסטיק", ז' 252.

אַ יאָר 30 איז „סערקעלע" געלעגן אַנגעשריבן און קיין תיקון נישט געפונען. אָבער 5 יאָר נאָכן טויט פון מחבר ווערט זי, אין 1 יאָר, אי אָפּגעדרוקט, אי אויפגעפירט. דער מחבר — פון פוילן, די קאָמעדיע — פון גאַליציע, געדרוקט — אין פּריסן, געשפּילט צום ערשטן מאָל — אין רוסלאַנד...

דער יידישער גורל פון אַלוועלטלעכקייט ווערט אָפּגעשפּיגלט אין שלמה עטינגערס ערשטן דערפאָלג אין דער ליטעראַטור.

## אָפּשאַצונגען, פאָרשונגען און פּאָלעמיק

אין 1862 דערשיינט אין אָדעס די ערשטע יידישע צייטונג פון מזרח־אייראָפּע, „קול מבשר". דער זאַמאָשטשער אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דער ערשטער יידישער ליטעראַטור־קריטיקער, האַלט אַזוי שטאַרק פון עטינגערן, אַז ווען ער שרייבט אַ קריטיק „וועגן גאָטלאָבערס „דער סיים פון די חיות", לאָזט ער זיך גאָר אַריין אין אַ שמועס וועגן ד"ר שלמה עטינגערן און זיינע עטלעכע ווערק" און „דאָס פאַרנעמט כמעט אַזוי פיל פּלאַץ ווי די אייגנטלעכע רעצענזיע וועגן גאָטלאָבערס „סיים"".[6]

פון צעדערבוימען ווייסן מיר: מען פאַראינטערעסירט זיך מיט „סערקעלע" אויך אין אַנדערע מקומות, אין משכילישע קרייזן, און מען שפּילט זי אין מאָלעוו (ביים דניעסטער), קויל (ביי קוטנע) און טאָמאַשאָוו.[7]

עס הייבט־אָן דערשיינען „וואַרשויער יודישע צייטונג". איר רעדאַקטאָר, גלאַטשטערן, אָגיטירט „מ'זאָל אויסראָטן דעם זשאַרגאָן און אים פאַרבייטן אויף די לאַנדשפּראַך". עס דויערט אָבער נישט לאַנג און ער אַליין בייט זיין נאָמען הילאַרי אויף הלל. אין זיין צייטונג ווערן אין 1867 צום ערשטן מאָל געדרוקט אייניקע פאַבלען,

---

[6] נ. ב. מינקאָוו — „זעקס יידישע קריטיקער", ב"א, 1954, ז' 32.
[7] מאַקס ווײַנרייך — „שלמה עטינגער", ז' XLVII.

עפּיגראַמען און פּאָעמעס, עטינגערס, „וועלכע דאַרפן נאָך עד־היום גערעכנט ווערן אַלס מייסטערשטיק אויף זייער געביט" [8].

אַ וואַרשעווער מוכר־ספרימניק זעט־איין, אַז עס קען זיין אַ געשעפט פון איבערדרוקן „סערקעלע", ווי זי איז דערשינען אין יאָהאַניסבורג. דערוויסן זיך פון דעם עטינגערס יורשים און זיי דערלאָזן נישט. זיי ווילן אַליין אָפּדרוקן דעם טאַטנס כתבים. בעטן אַ דערלויבעניש ביי דער צענזור און באַקומען זי. אָבער... אין 1875 דערשיינט אַ קאָפּיע פון „סערקעלע", און טאַקע אין וואַרשע, און ווידער ווערט נישט אָנגעגעבן, ווער עס איז דער מחבר [9].

„סערקעלע איז אויך געווען איינע פון די ערשטע אויפפירונגען אין פּראָפעסיאָנעלן יידישן טעאַטער. י. רימיניק ברענגט אויפן גרונט פון אַ רעצענזיע אין „אָדעסקי ליסטאָק", אַז די פּיעסע איז דעם 11טן אויגוסט 1888 (1880) אויפגעפירט געוואָרן דורך י. י. לערנער אין אָדעס" און „לערנער איז דערביי באַגאַנגען אַ פאַלסיפיקאַציע: אין די פּראָגראַמען האָט ער אָנגעגעבן, אַז ער האָט די פּיעסע איבערגעמאַכט פון ד"ר עטינגערס ראָמאַן" [10].

אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד, וועלכער האָט דער ערשטער געדרוקט עטינגערס פערזן, אין 1863, אין אָדעסער „קול מבשר", גיט־אַרויס אין פּעטערבורג „יודישעס פאָלקס־בלאַט". דרוקט ער דאָרטן אין 1886 עטינגערס פאַבלען און פּאָעמעס אויפן אָרט פון פעליעטאָן [11]. אַ סימן, אַז מ'קוקט אויף די פערזן ווי אויף אַ צוציִענדיקן לייענשטאָף פאַרן ברייטן עולם.

---

[8] ש. ל. ציטראָן — „די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע", ווילנע, 1923, ז' 79 און 86.

[9] דאָס שערבלאַט פון דער אויסגאַבע, וואָס געפינט זיך אין ב"א צענטראַלער ביבליאָטעק פון ייוואָ, איז רעפּראָדוצירט אויף דער זייט 32.

[10] „לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער", רעד' זלמן זילבערצווייג, וואַרשע, 1934, באַנד 2, קאָלום 1557.

[11] ציטראָן — „די געש' פון דער ייד' פּרעסע", ז' 151.

דער אַנאָנימער מחבר ווערט אַלץ מער אידענטיפיצירט.

אין 1888 ווערט פאַרעפנטלעכט אַ קאַפּיטל זכרונות, ווו מ׳זעט דעם מענטש וואָס לעבט מיטן שרייבער [12]. גאָטלאָבערס עפּיזאָד, ווי ער איז בעת זיין באַזוך אין זאַמאָשטש קראַנק געוואָרן, געמיינט ס׳איז כאָלערע, נאָר ד״ר עטינגער, וואָס איז צו אים געקומען, האָט אים אויפגעמונטערט מיט זיין הומאָר, זאָגנדיק „וואָס טויג אייך כאָלערע — איך וועל אייך בעסער פאָרלעזן מיין „סערקעלע״, דינט פאַר אַ גרונטשטריך צו דער כאַראַקטעריסטיק פון שלמה עטינגערס פערזענלעכקייט.

וואָלט געווען נאַטירלעך, אַז עטינגער זאָל שוין דעמאָלט זיך באַפעסטיקן אויף זיין פּאָזיציע, לפּחות ווי אַנדערע אַנגעזעענע שרייבערס פון סוף 19טן יאָרהונדערט. בפרט אַז אין 1889 ווערן צום ערשטן מאָל געדרוקט אין בוכפאָרעם עטינגערס משלים און קאַטאָזועסלעך און באַלד נאָך דעם, אין 1890, צום צווייטן מאָל. ביידע אין פּעטערבורג. ביידע גיט־אַרויס עטינגערס זון ווילהעלם, וועלכער „האָט שוין צערקוועס געבויט״ [13].

עס קומט אָבער דאָס אומגעקערטע. אַנשטאָט דער אינטערעס זאָל גיין למעלה — פאַלט ער גאָר.

דער בעסטער רוסיש־ייִדישער זשורנאַל דרוקט־אָפּ אַ רעצענזיע וועגן דעם בוך אין אַפּטייל, ווו ש. דובנאָוו שרייבט אונטערן פּסעוודאָנים קריטיקוס וועגן ייִדישער ליטעראַטור. שרייבט ס. מ. אַזוי, ווי עטינגער וואָלט פאַר אים אַ פרעמדער געווען. „אומפאַרשטענדלעך — זאָגט ער — הלמאי דער פאַרלעגער האָט נישט אַריינגעגעבן אין דער זאַמלונג פון עטינגערס שריפטן אַ ביאָגראַפישן סקיץ פון דער דאָזיקער אַזוי ווייניק־באַקאַנטער פערזענלעכקייט און צוליב וועלכער סיבה ער האָט אויך נישט אָפּגעדרוקט די פּאָעמע „סערקעלע״ לפּחות ווי אַ

---

[12] א. ב. גאָטלאָבער — „זכרונות איבער זשאַרגאָנישע שרייבער״, אין „יודישע פאָלקס־ביבליאָטהעק״, רעד׳ שלום עליכם, ב׳ 1, קיעוו, 1888.

[13] י. ל. פּרץ — „מיינע זכרונות״, ב׳ 13, ז׳ 22, נ״י, 1920. — פּרץ דערציילט, אַז סערקעלע, וואָס עטינגער האָט פאַראייביקט, איז געווען זיין מומע.

היסטאָרישן דאָקומענט״ [14]. ווי מיר זעען, האָט דער רעצענזענט פון „וואָסכאָד״, נאָך אַ פערטל יאָרהונדערט שפּילן די קאָמעדיע, נאָך אַלץ נישט געוווּסט, אַז „סערקעלע״ איז נישט קיין „פּאָעמע״...

אָבער ווייטער קומט דאָס אומפאַרשטענדלעכסטע: סוף 19טן יאָר־הונדערט צעבליט זיך די יידישע ליטעראַטור און אָנהייב 20סטן איז קלאָר, אַז דאָס איז איר גליקלעכסטע עפּאָכע. די געקרוינטע קלאַסי־קערס באַקומען פאַמיליאַרע קלאַסיפיקאַציעס מענדעלע — „דער זיידע״, פּרץ — „דער טאַטע״, שלום עליכם — „דאָס אייניקל״. אַרום זיי ווערן פּאָפּולער אַ סך נעמען. אַפילו אייניקע בדחנים טראָגן קרוי־נען פון פּאָעטן און וואָכעדיקע איבערזעצערס קריגן אַ שם פון פּאָבל־שרייבערס — אין פאַרגלייך מיט זיי, פּונקט ווי מיט כמעט אַלע, וואָס האָבן געשריבן אין דראַמאַטישער פאָרעם, איז עטינגער דער שריי־בער פון קאָמעדיע, משל און עפּיגראַם געשטאַנען מיט הימלען העכ־כער... ווי־זשע האָט מען עס פאַרגעסן ממש אין עטינגערן? ווי האָט מען עס אין אַזאַ עפּאָכע, אין וועלכער עס איז כסדר געשטיגן דער חוש פאַר אמתע ווערטן, די פּיעטעט פאַר עכטער וואָרטקונסט, גאָר טאָלערירט אַזאַ שטילשווייגן אַרום עטינגערן? עס האָט אויסגעזען, ווי די צייט, דער שטרענגסטער ריכטער, וואָלט אַרויסגעטראָגן קעגן אים אַן אורטייל...

אַזאַ שטילשווייגן האַלט־אָן קרוב אַ צוויי יאָר צענדלינג.

און דאָ קומט ווידער — קוריאָז אָדער וווּנדער?

אין 1911—1912, ווען עס באַווייזט זיך די ערשטע ערנסטע פאַר־מעסטונגען „פאַר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע״ אין אַ זאַמל־בוך, וואָס דינט ווי אַ מוסטער פאַר די ווייטערדיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וועגן אונדזער וואָרט און זיין שאַפן, שטייט־אויף שלמה עטינגער תחית המתים [15].

---

[14] „משלים אונד ליעדלעך״ (254 זז׳), אין „וואָסכאָד״, פּעטערבורג, יוני 1890.

[15] „דער פנקס״, רעד׳ ש. ניגער, ווילנע, תרע״ב.

טרעפלעכער האָט גאָר נישט געקענט זיין: מיטן אויפקום פון דער מאָדערנער יידישער שפּראַכפאָרשונג און געשיכטע־איינשטעלונג פאַר יידישער ליטעראַטור ווערט שלמה עטינגער גלייך רעהאַביליטירט און אַוועקגעשטעלט אויף דעם אָרט, וואָס קומט אים. דער ווילנער גמרא־פנקס וואַרפט פון פאַרשיידענע זייטן פאַסן ליכט אויף עטינגערס אָרט און ראָלע. ד״ר א. קאַפּעל (וועלכער האָט שוין פון 1909 געשריבן טעאַטער־קריטיק אונטערן פסעוודאָנים ד״ר א. מוקדוני) גיט די ערשטע אויספירלעכע לעבנס־באַשרייבונג אויפן סמך פון ידיעות צונויפגענומענע ביי עטינגערס משפּחה און פריינד, ווייזט ווי נייטיק עס איז אויסצופאָרשן די כתבים אין זייערע אויטענטישע וואַריאַנטן און גיט אַ שאַרפן אַנאַליז פון „שרהקעלע״ און אירע ווערטן פאַר דער יידישער דראַמאַטורגיע און טעאַטער, און זאָגט: „אַ הייסע ליבע און טיפע פאַרשטענדעניש צו יידיש שטראָמט־אַרויס פון יעדער שורה״[16]. אין זיין ערשטער פאָרשאַרבעט פאַר ליטעראַטור־געשיכטע, אין 1912, אַ מאָדעל ווי צו שרייבן אַקאַדעמיש וועגן דעם ענין, האָט ש. ניגער געמאַכט אַ סך־הכל, „וואָס דער טיף פון אַ יידענע אַן אשת־חיל האָט איבערגעלאָזט אין אונדזער שיינער ליטעראַטור, אָנגעהויבן פון עטינגערס „סערקעלע״[17]. דאָס קורצע קאַפּיטל זכרונות פון מיטצייטלער א. י. פּאַפּערנאַ וועגן דער ערשטער „סערקעלע״־אויפפירונג עפנט די אויגן אויף „קליייניקייטן״, וואָס קענען ברענגען גרויסע נוצן: ווי דאָס שפּילן אין דער ראַבינער־שול האָט געקענט ווירקן אויף גאָלדפאַדענען און ווי קלאַסיפיצירטע אַסימילאַטאָרן און שונאי יידיש העלפן באַקאַנט מאַכן אַ גרויסן יידישן שרייבער, וועלכער איז פאַר זיי געווען אַ פרעמדער[18]. אין דעם זעלביקן „פנקס״ איז בעל־דמיון אַרויס אין זיין גרינטלע־

---

[16] **ד״ר א. קאַפּעל** — „ד״ר שלמה עטינגער, זיין לעבן און זיין ליטעראַרישע טעטיקייט״, **קאָלום 44.**

[17] **ש. ניגער** — „שטודיעס צו דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור״, **ק׳ 96.**

[18] **אברהם יעקב פּאַפּערנאַ** — „מיינע עראינערונגען וועגן גאָלדפאַדענען״.

בער קריטיק וועגן דעם ערשטן האַנטבוך פאַר יידישער ליטעראַטור־געשיכטע מיט אַ טענה קעגן ד״ר פינעס, הלמאי ער „ברענגט נאָר אין עטלעכע שורות די טענדענץ״ פון „סערקעלע״ און פון די משלים גישט מער ווי „צוויי ציטאַטן״ [19]. אין אמתן האָט די ערשטע דיסער־טאַציע וועגן דער יידישער ליטעראַטור, ווי אָנגעפאַקט זי איז מיט גרייזן, ווי געשטרויכלט דער מחבר איז געוואָרן דורך זיין ניט־פאַלידן וויסן אין דער דאָזיקער ספּעציאַליטעט, פאָרט דער ערשטער אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר דער גאַנצער געשטאַלט עטינגער — „אַ שאַרפער און גוטער באַאָבאַכטער, וואָס האָט ריכטיק גע־מאָלט און געשילדערט די פעלערן און מעלות פון מענטשלעכן האַרצן״, און „עטינגערס סטיל באַווייזט, אַז ער איז אַ קינסטלער, ער איז קורץ, שאַרף, פול מיט אָריגינעלע אויסדריקע און ביל־דער״ [20]. דאָס מאָנען מער פלאַץ פאַר עטינגערס שאַפן איז כאַראַק־טעריסטיש פאַר דעם געשטיגענעם אינטערעס — מיטאַמאָל האָט מען זיך אָפּגעגעבן חשבון, וואָס פאַר אַן עוולה מ׳באַגייט קעגן אַ גרויסן יידישן וואָרטמייסטער. „דער פנקס״ איז געוואָרן דער גרעס־טער מליץ־יושר פאַר שלמה עטינגערן.

די ערשטע וועלט־מלחמה, וועלכע האָט איבערגעהאַקט אַ סך איניציאַטיוועס, האָט מסתמא איבערגעשלאָגן אויך די שטילע און נייטיקע אַרבעט צו ברענגען לאור עטינגערס שאַפן פון ווי וויַט מעגלעך אויטענטישע וואַריאַנטן און ברייטער באַקענען מיט זיין לעבן און אַנטוויקלונג. דאָס איז געקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

עס איז אַ צייט פון רעוואָלוציע, אָבער עס איז אויך אַ צייט פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג. פאָלקסטימלעכקייט ברענגט מזל־ברכה פאַר פאַרטייען, ווי פאַר דער קולטור־אַרבעט. מ׳האָט מורא פאַרן

---

[19] בעל דמיון — „ד״ר פינעסעס געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַ־טור״, ק׳ 342.

[20] ד״ר מ. פינעס — „די געש׳ פון דער יוד׳ ליט׳״, ב׳ 1, ז׳ 97, וואַרשע, 1911.

וואָרט „נאַציאָנאַליזם״, אָבער אַפילו די רעוואָלוציאָנערסטע קרייזן פּראַקטיצירן נאַציאָנאַליזם...

אין אַזאַ שטורמישער צייט, ווען מ׳הייבט־אָן זוכן סינטעזן, דערשיינט שלמה עטינגער ווי אַ קינסטלער, וועלכער „ברענגט־אַריין אין דער פינצטערער סביבה דאָס ליכט פון וויסן, אָבער ער איז נישט קיין פּורץ גדר, ער וויל גאָר צונויפפּירן דאָס אַלטע מיט דאָס נייע״ [21].

עטינגער האָט באַלעבאַטיש־מילד געטאָן דאָס, וואָס י. ל. פּרץ — געבוירן אין זאַמאָשטש 4 יאָר נאָך עטינגערס טויט — האָט געטאָן מיט חסידיש־רעוואָלוציאָנערן ברען.

אין פּוילן און ליטע, דערנאָך אין רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע, צעוואַקסט זיך אַ פאַרצווייגט שולוועזן אויף ייִדיש. עס מערן זיך גימנאַזיעס, העכערע קורסן, לערער־סעמינאַרן, אַספּיראַנטורן, אומעטום פאַרנעמט ליטעראַטור אַ גרויס אָרט. קוקט מען זיך אום אויף פּיאָנערן, ראשונים. לייכט פון זיי אַרויס שלמה עטינגער. ווערן זיינע פאַבלען און עפּיגראַמען געלערנט ווי מוסטערן פון שיינשרייבעריי, זאַפטיקן ייִדיש און ווייכן הומאָר, חוץ לזה ווי אַ שפּיגל פאַר מענטשן און שוואַכקייטן. עטינגער ווערט אַ וויכטיקער שטאָף פאַר כרעסטאָמאַטיעס און לערנביכער.

דעם דאָזיקן אינטערעס קומט אַנטקעגן שלמה מענדלסאָן, אַ שולפירער מיט אַ חסידישן טעמפּעראַמענט און סאָציאַליסטישע אידייען. זיין אויסגאַבע „משלים״ ווערט אויסגעכאַפּט אין די שולן. ער פאַרגלייכט די ייִדישע לומדים־אַריסטאָקראַטיע און עמך פון מזרח־אייראָפּע מיט די פון מערב. עטינגער — קומט ער צום אויספיר — איז געגאַנגען אויף דעם „וועג פון אַלע משכילים און דאָך איז ער אַלס שריפטשטעלער דער היפוך פון די השכלה־שרייבער״, ווייל „ער פּרוּווט נישט געווינען דעם עולם מיט זיין העברעיִש, ער קאָקעטירט נישט מיט זיין דייטש, ער שעמט זיך נישט און פאַרענט־

[21] שמעון דובנאָוו — „די נייסטע געשיכטע פון יידישן פאָלק״, ב׳ 9, ז׳ 200, פון „די וועלט־געשיכטע״, ב״א, 1955.

פערט זיך נישט פאַר זיין ייִדיש" — „דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, דער איינפאַכסטער ייִדישיזם"[22].

אין דער דאָזיקער אַטמאָספערע פון קולטור־רענעסאַנס האָט אַריינגעשפּילט זלמן רייזען. זיין ייִדישיסטישע ראָמאַנטיק האָט ער געזען פאַרקערפּערט אין עטינגערן. שילדערט ער מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיין לעבן און שאַפן; בויט אויף קאַפּעלן; איז מוסיף אַ סך פּרטים צו דער ביאָגראַפיע; דרוקט אַן אָפּקלייב פון פּערזן, אויך לירישע; און גיט צום סוף דעם גאַנצן ערשטן „אויפצי" (ווי עטינגער האָט אָנגערופן אַן אַקט) פון „סערקעלע", נאָך איינעם פון די אויטענטישע מאַנוסקריפּטן; גיט־איבער מיינונגען פון יודעי־חן; און מאַכט דעם אויספיר: עטינגער „האָט געהאַט צו ייִדיש אַ באַציִונג ווי פון אַ קולטור־מענטש צו אַ קולטור־שפּראַך, צו זיין שפּראַך"[23].

דער אויפגעוואַכטער אינטערעס צו עטינגערן באַוועגט דעם „צענטראַל"־טעאַטער אין וואַרשע אויפצופירן אין 1923 „סערקעלע". זיגמונט טורקאָוו, איר רעזשיסאָר, האַלט אַז זי „האָט ביז היינט צו טאָג קיין גלייכן נישט צו זיך — נישט אין דער ייִדישער און נישט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור"[24]. נו, האָט מען אַרום איר געמאַכט אַ וואַרע. „ס'האָט געהייסן: צו סערקעלעס הונדערטסטן געבורטסטאָג ווערט זי אויפגעפירט", כאָטש „דאָס איז געווען אַ ביי־סעלע ניט ריכטיק"[25]. די הויפּטראָלע האָט געשפּילט אסתר רחל קאַמינסקי, „די מאַמע פון ייִדישן טעאַטער". ז. ט. דערציילט, אַז ער איז אָנגעקומען נאָך עצות צו גרויסע עקספּערטן, וועגן שפּראַך — ד"ר יצחק שיפּער, וועגן הלבשה — צו פּראָפ' מאיר באַלאַבאַן. דעקאָראַציעס האָט פּראָיעקטירט דער מאָלער משה אַפּעלבוים, „מאָ־

[22] ש. מ. — „נאָכוואָרט" אין שלמה עטינגערס „משלים", וואַרשע, 1920, ז' 134 און 136.

[23] זלמן רייזען — „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע", וואַרשע, 1923, ז' 277.

[24] זיגמונט טורקאָוו — „שמועסן וועגן טעאַטער", ב"א, 1950, ז' 136.

[25] ש. ראָזענפעלד — „סערקעלע" אויף דער בינע", נ"י, „טעאַליט", נ' 3, 1924.

ראַלן" פון גאַליציישע נוסחאות קאָמפּאָנירט יצחק שלאָסבערג. דער ספּעקטאַקל איז פון אַקטיאַר באַטראַכט געוואָרן ווי אַ יום־טוב פאַר דער יידישער קולטור.

די גרויסע אַמעריקע האָט אָבער דעם ביישפּיל נישט נאָכגעטאָן. כאָטש דער באַקאַנטער טעאַטער־היסטאָריקער ב. גאָרין האָט פריער נאָך געשריבן, „עס דאַרף נישט זיין דער מינדסטער ספק, אַז פון אַלע דראַמענשרייבער, וואָס האָבן געשריבן אין יידיש ביז גאָלדפאַדען, האָט ד״ר עטינגער אויסגעאיבט דעם גרעסטן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דראַמע און פון אים הייבט זיך אָן די אמתע געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד" [26], האָט קיינער זיך די מי נישט געגעבן אויפצופירן „סערקעלע". דערפאַר אָבער איז די פאָרשטעלונג פון וואַרשע ביטער קריטיקירט געוואָרן אין ניו־יאָרק...

עטינגער האָט אַזוי וויניק מזל צו דער גרויסער אַמעריקע, אַז — טאָמער האָט דער 100סטער יאָרטאָג נאָך אים שוין באַדאַרפט זיין די געלעגנהייט אים אַרויסצוהייבן אויף דער וויכטיקסטער יידישער אַקאַדעמישער טריבונע, אויף דער יאָרלעכער קאָנפערענץ פון ייוואָ, האָט דער רעפערענט, דער ליטעראַטור־קריטיקער ש. ניגער, נישט דערלעבט צו פאַרענדיקן זיין רעפעראַט [27].

איז נאָך אַ גליק, וואָס די עטינגער־ירושה איז רעסטוירירט געוואָרן נאָך אין פּוילן. די 2־בענדיקע אויסגאַבע פון ד״ר מאַקס וויינרייך איז אַ ווערטפולער בייטראַג פאַר דער יידישער ליטעראַטור, הן צוליב איר אייגענעם ווערט, הן צוליב דעם וואָס זי האָט אַנדערע סטימולירט, איבערהויפּט צו פּאָלעמיזירן און אַרונטערצורייסן, אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע... ד״ר מאַקס וויינרייך האָט מיט דער פּינקטלעכקייט, וואָס באַשמט אים, אויפגעזאַמלט אַרום דעם עזבון, עטינגערס, אַ שלל ידיעות פון משפחה און פריינד, פון

[26] ב. גאָרין — „די געשיכטע פון יידישן טעאַטער", ב׳ 1, ז׳ 97, נ״י, 1918.

[27] „ידיעות פון ייוואָ", נ׳ 60, נ״י, 1956.

אינסטיטוטן און דאָקומענטן, זיי קאָנטראָלירט, איינע קעגן די אַנ־דערע טייל מאָל אַוועקגעשטעלט און אויפגעוויזן אַבסורדן (איבער־הויפּט וועגן דער דאַטע פון עטינגערס געבורט, וואָס מ׳קען עד־היום ניט פעסטשטעלן, ווייל מ׳גיט זי אָן פון 1799 אַזש ביז... 1810), כדי צו קענען פּאָרט אַרויסבאַקומען די ביטיקע פאַרב און סכעמע פאַר זיין סטרוקטור און בילד. ביידע ווערן נאָך דעם דורכגעפירט מיט מייסטערשאַפט. וויינרייך, דער פיינער וויסנשאַפטלער פון דער נאַ־טור, קען אויך דערציילן געמיטלעך. כאַראַקטעריסטיש פאַר עטינגערן. אַט־די געמיטלעכקייט, וויינרייכס, רעגט־אויף די סאָוועטישע קרי־טיקערס זיינע, וועלכע האָבן אין דעם זכות זיך אַוועקגעלאָזט פאָרשן עטינגערן און — פון דעם איז אַרויסגעקומען אַ גרויסע טובה פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. מאָלנדיק זיין געשטאַלט, געמיט, זיין שפּראַך, ווו ער איז אַן אינאָוואַטאָר, ווי קיינער איז דאָס נישט גע־ווען ביז אים, קומט וויינרייך צום אויספיר, אַז שלמה עטינגער איז אין דעם פולן זין פון וואָרט דער עלטערזיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור — וויינרייך האָט געשאַפן דעם דאָזיקן טיטל פאַר עטינגערן — ווייל „אויב ער איז היינטערשטעליק אַנטקעגן מענדעלען אין טאַלענט, שטייט ער געוויס העכער פון אים אין פּרט פון פאָרעם־געפיל“ [28]. מיט וויינרייכס אַרבעט איז צעעפנט געוואָרן אַ גרויס פעלד פאַר עטינגער־פאָרשונג. קודם זיינען נישט פאַרענט־פערט אייניקע פראַגעס וועגן זיין לעבן. אַפילו די דאַטע פון זיין טויט איז אַ ספקדיקע, הגם אַלע, אויך וויינרייך, גיבן־אָן דאָס יאָר 1856 [29]. נאָר ווו עס זיינען דערגרייכט געוואָרן גרויסע רעזולטאַטן — אין אַנאַליזן פון די ליטעראַרישע ווערטן און השפּעות.

אויף מאַקס וויינרייכס „אַלע כתבים פון ד״ר שלמה עטינגער“

---

[28] מ. וויינרייך — „אַלע כתבים פון ד״ר שלמה עטינגער, ז׳ XVII.

[29] ביי וויינרייכן איז די דאַטע פון עטינגערס טויט — ד׳ טבת תרי״ז; נאָך דעם נאָך קומט־אויס: דער 13טער דעצעמבער 1855. אויב ווידער מ׳זאָל אָננעמען, ווי זלמן רייזען גיט־אָן אין לעקסיקאָן, ד׳ טבת 1856, קומט־אויס, אַז עטינגער איז געשטאָרבן דעם 31סטן דעצעמבער 1856.

האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן די סאָוועטישע קריטיקערס ווי אויף אַן אוצר, וואָס איז אין לשער. אַן אוצר — אַליין זיך צו פּאַרטיפן, און אַן אוצר — אויף צו דערווייזן, אַז די ייִדישע אינטעליגענץ אין דער אַנדער ספערע זינקט אין באַלעבאַטישער אידייענלאָזיקייט, קען נישט אויסבאַהאַלטן די פיליסטערישקייט אפילו ביי אירע בעסטע גע־לערנטע און זעט דעריבער נישט מיט קלאָרע אויגן, וואָס מ׳דאַרף זען. דאָס טוען מ. ווינער און מאַקס עריק. ווינער — האָט באַוויזן אויפצוטון אַ סך אויף דעם פעלד און האָט געבראַכט זייער אַ וויכ־טיקן צושטייער אין אַ ריי מאָנאָגראַפיעס, טיילוויַז צונויפגעזאַמלטע אין אַ באַנד [30]. עריק — אָנשטאָט זיין פאָרשאַרבעט האָט פאַרענדיקט זיין לעבן ערגעץ אויף אַ פאַרשיקונג... אָנגעהויבן האָט ער מיט אַן אָנגריף פאַר דער קלאַסישער אויסגאַבע, הלמאי וויינרייך האָט נישט אָפּגעגעבן מער פּלאַץ פאַר עטינגערס שאַפונגען, אין די נוסחאות ווי זיי זיינען געדרוקט געוואָרן אין די אַמאָליקע צייטונ־גען און ביי זיינע געוויסנלאָזע גנבישע פאַרלעגערס [31]... אין גרונט איז אָבער געווען די סאָוועטישע איינשטעלונג, וואָס האָט אומעטום גע־זוכט קלאַסיסטישע חילוקי־דעות. דאָס כאַראַקטעריסטישע דערביי איז דאָס, וואָס די לויבווערטער פאַר וויינרייכן, וועלכע מ. ווינער האָט געזאָגט אין די באַזונדערע אַרבעטן, געדרוקטע אין 1928 [32] און 1930 [33], זיינען נישט אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם בוך פון 1940 און 1945...

---

[30] מ. ווינער — „צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט“, ב׳ 1, אין מאָסקווע דערשינען אין 1940, אין נ״י — 1945

[31] מאַקס עריק — „אַ בינטל בריוו“ וועגן דער עלטערער ייִדישער ליטעראַטור“, אין „ביבליאָל׳ זאַמלבוך“, ז׳ 208 (וועגן מ. וויינרייכס „בילדער פון דער ייִדישער ליטעראַטורגעשיכטע“, ווילנע, 1928). — עריקס רעצענזיע איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין מינסקער זאַמלבוך „פאַשיזירטער ייִדישיזם און זיין ווי‎סנשאַפט“.

[32] מ. ווינער — „די ראָל פון שפּראַך־פאָלקלאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור“, אין „שריפטן“, ב׳ 1, קיעוו, 1928.

[33] מ. ווינער — „די אויסגאַבע פון עטינגערס שריפטן“ — „ביבליאָ־לאָגישער זאַמלבוך“, רעד׳ י. ליבערבערג, מאָסקווע־כאַרקאָוו־מינסק, 1930.

אָבער נאָך דער גאַנצער פּאָלעמישער גאַליקייט און אָנשטרענגונגען זיך צו זאָגן באַקאַנטע מיינונגען אַנדערש, כדי עס זאָל אויסזען פאַרקערט, קאָמפּראָלעטאַריש, זיינען מ. ווינערס שטודיעס פון גרויסן ווערט. די גרינטלעכע סעגרעגירונגען פון ווערטלעך ביי די וויכטיקסטע פיגורן פון „סערקעלע", כדי צו ווייזן ציפעריש, ווי עטינגער איז געווען שפּרודלדיק ביי נעגאַטיווע טיפּן און ווי ער האָט זיך טאָרמאַזירט ביי פּאָזיטיווע פיגורן, איז אינטערעסאַנט און וויכטיק ביי גאָר. אַזוי, למשל, האָט ער אויפגעציילט ביי סערקעלען 298 ריידאַרטן, ביי יוחנן שדכן 158, ביי ר' גבריאל הענדלער 121, ביי שמעלקע טרויניקס 98, בעת ביי די גוטע מענטשן איז דער באַלאַנס גאָר אַן אַנדערער, ביי חיימען 30 ריידאַרטן, ביי חווהן 17, ביי דעם פּרעמדן 16, ביי הינדען 13 און ביי ירחמיאלן 6. וואָס בעסער דער מענטש איז ביים קאָמעדיאָגראַף פון זאַמאָשטש, אַלץ ווייניקער ווערטלט ער זיך... ווינער האָט אַריינגעוועבט עטינגערן אין דער פּראָבלעמאַטיק פון דער אוניווערסאַלער און יידישער ליטעראַטור און טיכטיק געזוכט די השפּעות פון דראַמאַטורגן, פאַבוליסטן, פאַרגליכן אַ סך טעקסטן און געפונען, אַז אַפילו ווען ס'איז ענלעך, איז עס גאַנץ אַנדערש — דאָס איז דער בעסטער אַטעסטאַט אויף עטינגערס אָריגינעלקייט. זוכנדיק קרובהשאַפט, השפּעות, האָט ווינער ספּעציעל זיך אָפּגעשטעלט אויף דער אַנאָנימער קאָמעדיע „די גענאַרטע וועלט"[34], אויף לעסינגס ווערק, אויף דעם רוס פאָנוויזין[35], פאַרטיפט זיך אין די געזעלשאַפטלעכע מאָמענטן פון דער צייט, אין דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע, וואָס פאַרפלאַנצט צביעות, און רופט־אַרויס סאַטירע (עטינגערס פאַלשע צנועה, אין „וויטעלע") אָדער

---

[34] אויפן סאָוועטישן שטייגער רופט וו. אָן „די גענאַרטע וועלט" פאַרקירצט, ווי אַ פּאָפּולערע אינסטיטוציע — „אַגעווע"...

[35] 1742—1792. דיאָניז איוואַנאָוויטש פאָנוויזין, מחבר פון ביז גאָר פּאָפּולערן טעאַטער־ווערק „ניעדאָראָסל" (נישט דערבאַקענער, נישט דערוואַקסענער), איז איינער פון די דערפאָלגרייכסטע שעפערס פון דער רוסישער שטייגער־קאָמעדיע.

סענטימענטאַלע דערשלאָגנקייט („דאָס ליכט", אַ פּאָעטישע טראַנס־פאָרמאַציע פון שילערס „די גלאָקע"). צוליב די אַלע אַנאַליזן איז מ. ווינערס צושטייער זייער אַ וואָגיקער און וויכטיקער.

גלייכגעוויכט צווישן די אַלע מעטאָדן — עסטעטישע, געזעלשאַפטלעכע, דאָגמאַטישע, וויסנשאַפטלעכע — זוכט צו געפינען אין זיין ליטעראַטור־געשיכטע ד"ר י. צינבערג, ווען ער שטעלט־פאָר, אויף 15 זייטן, עטינגערס לעבן און שאַפן. דאָ איז פאַראַן אי ביאָגראַפיע, אין ענציקלאָפּעדישע ידיעות וועגן דער עפּאָכע, כאַראַקטעריסטיק פון מענטש, אי פון „סערקעלע", משלים און עפּיגראַמען. ספּעציעל שטעלט זיך אָפּ צ. אויף עטינגערס מוסטערן פון זיין סידור־איבערזעצונג, וואָס „האָט געזאָלט ווערן אַן אמתע ליטעראַרישע דערגרייכונג", צוליב זיין שפּראַך־עשירות און געפיל פאַרן טראַדיציאָנעלן יידישן סטיל. לסוף ווייזט צ. עטינגערס אָרט אין זיין עפּאָכע, ווען „די מפּלה ביי סעוואַסטאָפּאָל האָט אַמבולטסטן באַוויזן, ווי אָפּגעשטאַנען און פויל עס זיינען די עקאָנאָמישע יסודות פון דעם ריזיקן רוסלאַנד" און עס פאַנגט זיך אָן די „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמען", וואָס געפינט אַ הילכיקן אָפּקלאַנג אויך אויף דער יידישער גאַס". דעמאָלט איז עטינגער געשטאָרבן — „געשטאָרבן ביי דער סאַמע גרענעץ פון אַ נייער תקופה"[36].

## ווערטער, ווערטלעך, ווערטן

נאָך הונדערט יאָר איז פון שלמה עטינגער געבליבן, חוץ אַ רייכפאַרביק קאַפּיטל ליטעראַטור־געשיכטע, אַ ריזיקער רעזערוואַר פון יידישן לשון און שפּראַך־קולטור. די הונדערטער שפּריכווערטער, די הונדערטער ריידאַרטן, פאַראייביקטע אין „סערקעלע", אין די משלים און עפּיגראַמען, איז נאָך אַלץ אַ נישט־אויסגעשעפּטער קוואַל פאַר פילאָלאָגן און אַ לעבעדיק מויל, וואָס דאָס פאָלק דאַרף הערן

[36] ד"ר ישראל צינבערג — „די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן", באַנד 8, בוך 2, ז' 237 און 248.

ריידן... פון „סערקעלע״ קען מען זיך לערנען ייִדיש, עכטע ייִדישע ווערטער, ווערטלעך, ייִדישן סטיל, ייִדישן שמועס, דיאַלאָג, אַריינזאָגענישן און אָנצוהערענישן, ווי מ׳האָט אַמאָל, ווען מזרח־אייראָפּע האָט געלעבט און געשאַפן, געקענט הערן אין די היימען, אויף די גאַסן, אויף די מערק. עטינגערס באַניצן זיך מיטן אַרטיקל, מין, בייגונג פון הויפּטווערטער, ווי פון צייטווערטער, איז אַ פערמאַנענטער אַרויסרוף צו גראַמאַטיקאָלאָגן, אַ דערמאָנונג אַז דאָס פעלד פון אונדזער שפּראַכפאָרשונג איז נאָך ווייט ניט גענוג צעאַקערט...

עטינגערס „סערקעלע״ דאַרף אָנצינדן ביי דראַמאַטורגן אַ באַגער צו געפינען די גאָלדענע מיט פאַרן טעאַטער, ווי פאַר דער ליטעראַטור: אי אַרויסברענגען שאַרפע טיפּן, אידייען, מיליע; אי אָנפולן די בינע מיט האַנדלונג, קאָליזיעס, קאָנפליקטן, סיורפּריזן; אי שפּראַכלעך אָנטרינקען דעם צוהערער מיט מחיהדיקע זאַפטן פון פאָלקס־געטראַנק; אי סינקראָניזירן די שטימונגען פון דער צייט און אויפכאַפּן די בילדער פאַר דער געשיכטע. עטינגער שטעלט־פאָר אין „סערקעלע״, ווי דאָס קליינבירגערטום פּיקט זיך ערשט אַרויס, אָבער שוין ווייזט זיך די ווירקונג פון געלט; סערקעלע, רייך געוואָרן דורך אַ שווינדל, לאָזט זיך אַוועק אויפן וועג פון אָ סך געמיינקייטן; באַלד נעמט מען זיך שעמען מיטן אייגענעם לשון און מ׳וויל זיך אַסימילירן; ר׳ גבריאל, אַ שפּעקולאַנט, איז צו יעדער מינוט גרייט צו פאַרזעצן דאָס געוויסן, ביז ער גנבעט; דער שדכן חנפעט, דער שענקער פאַרדרייט מיט רייד, אָבער די וואָס גייען מיטן אמת, כאַטש אויף אַ צייט צעממיתטע — זיגן סוף כל סוף. עטינגער, דער משכיל, איז אַ מילדער ייִד מיט אידעלע חלומות, באַקראַנצט מיט הומאָר.

עס וועלן נאָך מסתמא קומען פאָרשערס, וואָס וועלן פאַרענטפערן, ווי האָט עס געקענט מעגלעך זיין, אַז עטינגער זאָל פאַרמאָגן אין זיך אַזוי פיל ווייכן שמייכל, בעת ביי אים אין פריוואַטן לעבן איז גאָרנישט געווען פריילעך[37]. אויך זיין פרוי, אַ סוחרטע, איז נישט

[37] הינדע און מאַרקוס, שלמה עטינגערס קינדער, וואָס זייערע נעמען טראָגן צוויי אידעלע טיפּן אין „סערקעלע״, האָבן זיך געשמדט (אין 1824

געווען פון זיין וועלט. דאָך איז ער אַרומגעגאַנגען און געשמייכלט...

ווי אַ שפּילמאַן — מיט דער מאָדערנסטער סענסיבילִיטעט פאַר שפּראַך, קלאַנג און דיאַלעקט.

עטינגער האָט דער ערשטער אַרויסגעוויזן אַן אומגעהויער־שאַרפן חוש פאַר דיאַלעקטן; ווי עס ריידן ייִדן אין פאַרשיידענע געגנטן און ווי פון דער דיאַלעקטן־עשירות וואַקסט דער לשון, די עמפינדלעכקייט, די קעגנזייטיקע באַרייכערונג.

מענדעלע האָט ביי אים געהאַט וואָס צו לערנען און שלום עליכם אַוודאי און אַוודאי.

שלמה עטינגער — דער עלטערזיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור — איז אַ ייִד פון 19טן יאָרהונדערט ביי וועמען עס קען געניסן און לערנען אַפילו דער מאָדערנסטער ייִד פון 20סטן יאָרהונדערט.

ער איז דער פאַרגייער, וועלכער האָט נישט אַנגעווירן זיין ווערט און גלאַנץ אויפן פּרובירשטיין פון צייט. פאַרקערט, אין שטויבליכט פון דיסטאַנץ, אין שפּאַקטיוו פון ליטעראַטור־פאַרשונג, נאָכן אַריינלייענען זיך און לערנען פּרשה עטינגער, ווערט אַלץ מער צוציִענדיק און האַרציק זיין געשטאַלט, ווי זיין ירושה פון קאָמעדיע, משל און עפּיגראַם.

שלמה עטינגער פירט אונדז אַריבער צו די קלאַסיקערס.

ער איז אַ משכיל מיט אינטויִציע פון פאָלקס־ראָמאַנטיק.

אַ באַנייער פון ייִדיש, ווי פון ליטעראַרישן טאָן און נוסח.

עטינגער האָט אַריינגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור גאָר אַן אַנדער געמיט. טאַקע אַ ביסל מיטגעגאַנגען מיט דער צייט, אָבער נאָך מער זיך קעגנגעשטעלט אַנגענומענע פירונגען פון דער צייט. עס איז געווען אין דער מאָדע סאַטירע — האָט ער געוויזן אין קרומען שפּיגל פון סאַטירע, ווי קאָמיש עס זעען־אויס מענטשן, ווען זיי זענען פאַלש, צווייפּנימדיק, אָנגעבלאָזן, אים איז אָבער ליבער

---

און 1830), ווי דאָס איז צו זען פון ד״ר יצחק שיפּערס פאַרשאַרבעט „ד״ר שלמה עטינגערס וואַרשעווער קרובים און פריינד", אין „ייוואָ־בלעטער", ווילנע, 1932, ב׳ 4—5.

בלייבט אַבער איינסטווייליען היר צוריק? ניין, איך בלייבע ליבער היר, אונד ווען זי קאָממט, זאָ וואַרטעט איהרער מיין פאָרוואורף. ער טראַכט אַ ביסל נאָך דאָך ניין, דער פאָרוואורף קאַן גענצליך אויסבלייבען, דען צו וואַס איהרער ערצפיינדין פרידעריקע נאָך צו אייגעם פראָהלאָקען פערהעלפען? אָ יאַ, דיזעס מעדכען איזט דער פלייס זעלבסט! פאָרמיטטאַג האַטטע זי קיינע לוסט צור לעקציאָן, דאַ היס עס, איך זאָלל נאַכמיטטאַג קאָממען — אונד יעצט האַלט זי איהר מיטטאַגשלעפכען. ער לאַכט האַ־האַ־האַ! איהרע מוטטער איזט וואָהל אין איהרען געשעפטען אום פילעס פלייסיגער. דאַ שיקטע זי מיך הייטע אַבערמאַלס צו זיך רופען, זי זיי קראַנק, שטערבליך קראַנק, איך מעכטע נור קאָממען דעם נאַכטס אין איהר שלאַפגעמאַך אונד זי קורירען, דאַס הייסט, איך זאָלל איהר די קור מאַכען. יאַ, יאַ, איך פערשטעהע דיינע אַבזיכטען, דו נידערטרעכטיגעס וייב, איך קעננע דיך צו גוט, דו אַבשוים דער מענטשהייט, אָבוואָהל דו מיך צו פערקעננען שיינסט אונד מיר זאָוואַס צומוטעסט. אָהאָ! ווייט געפעהלט, מיינע ליבע דאַנציגער! זי האַבען די רעכנונג אָהנע דען ווירטען געמאַכט! ער שוויגט אַ ביסל שטיל לײדער ווייס איך עס אים פאָראויס, דאַס מיר דיזע שיינהייליגע די איינציגע לעקציאָן, מיינע לעטצטע שטיטצע וועלכע מיינע אויסערסטע נאָט נאָך צו לינדערן אים שטאַנדע איזט אויס ראַכע אויפזאַגען ווירד; אויך פיהלע איך צו זעהר דען פערלוסט, מיינע איינציג געליבטע הינדעלע ניכט מעהר בעזוכען צו דירפען — אַלליין ליבער אויס הונגערסנאָט מעגליך דעם גראַבע נעהער קאָממען, יאַהרעלאַנג נאַך דער הערצענסגעליבטען שמאַכטען, אַלס דען פרעפּעלהאַפטען געזינונגען איינעם פעררוכטען וייבעס נור איינען איינציגען אויגענבליק צו פרעהנען*. אַבער האָרך! דאַ קאָממט יעמאַנד! אַהאַ — מיינע גוטע הינדעלע!

* (ד׳) דינען.

# פינפטער אַרייַנקום

## רעדלעך, הינדע

**הינדע** — זי היר, הערר רעדליך! וואָ איזט דען דער בייע ברייטיגאַם? חיים זאַגטע מיר יוסט, דאַס ער שאָן וואָך אונד היר זיי.

**רעדלעך** — איך קאַם אונלענגסט הער, פאַנד די טיהרע אָפּ־פען אונד נימאַנד אים צימּמער. ווער זאָלל דען דער נייגעבאַקענע ברייטיגאַם זייך, דען זי היר פערמוטעטען?

**הינדע** — וויססען זי דען ניכט, דאַס אונזערע פרידעריקע הייטע ברויט ווירד?

**רעדלעך** — ברויט? הייטע? — מיט וועם דען, ווען איך פראַגען דערף?

**הינדע** — מיט ר׳ גבריאל הענדלער.

**רעדלעך** — זאָ? מיט ר׳ גבריאל הענדלער? נון, זאָ ווינשע איך איהר גליק, ווען זי מיט דיזער פּאַרטי צופרידען איזט.

**הינדע** — אָ! זי איזט זעהר צופרידען, דען זי האַט בלאָס נור די איינווילליגונג איהרער עלטערען צו איהרער אייגענען וואַהל ערהאַלטען.

**רעדלעך** — זאָ? האַט זי איהן אויך פּאָרהער געליבט? אָ, זאָ איזט זי וואַרהאַפטיג גליקליך; דען ווי פילע גיבט עס, איבערהויפּט ביי אונזערער נאַציאָן, דערען וואַהל דער איהרער עלטערן גאַנץ אונד גאַר ניכט ענטשפּריכט, אונד צולעטצט בלאָס אויס פורער שאַמהאַפטיגקייט אָדער אויס געהאָרזאַמקייט מיט איינען, פאָן דען עלטערן אויסגעזוכטען, מיט רובעל אָדער אָהנען בעלאַסטעטן טוי־געניכטס פערמעהלט ווערדען.

**הינדע** — פערצייהען זי, הערר רעדליך! דיזער פאַלל קענטע שווערליך ביי אונזערער פרידעריקע איינטרעפען, דען דער אַללמעכ־טיגע זעגנעטע זי מיט רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערען.

**רעדלעך** — לאַכט האַ־האַ־האַ! רעכט גוטע, ליבענסווירדיגע עלטערען? — אָ יאָ! דיזעס מוס יעדער, דער דיזעס הויז בעזוכט

אונד טעגליך געלעגענהייט האָט ביי מאַנכער האַנדלונג געגענווערטיג צו זיין, געשטעהען. ער לאַכט האַ־האַ־האַ! רעכט גוטע ליבענסוויר־דיגע עלטערען — מיר וועניגסטענס שינען זי עס ניכט צו זיין.

**הינדע** — זי לאַכען? פערצייהען זי מיר, ווען איך בעהויפטע, דאַס דער שיין מייסטענס טריגט.

**רעדלעך** — טריגט? ניין, ניין, ווען דיזער שיין טריגט, זאָ בעטריגען מיך אויך מיינע זיננע — ניכט וואָהר, ליבע הינדעלע? איהרע טאַנטע איזט גוט? אונד פיללייכט אויך געגען איהנען?

**הינדע** — איך גלויבע מיך ני איבער מיינע טאַנטע בעקלאַגט צו האַבען. זאַגען זי, הערר רעדליך, האַבען זי מיך יע מוררען* געהערט?

**רעדלעך** — זי מוררען ניכט, שעהן, דאַס איזט רעכט שעהן פאָן איהנען, דען דיזעס ווערע יאַ זאָגאַר צוועקלאָז, יאָ, עס קענטע פיללייכט איהרען צושטאַנד נאָך אום פילעס פערשלימערן — אַלליין איזט געדולדיג ליידען ניכט ליידען? אָ, ליידער זאָה איך עס מעהרע־רע מאַלע, מיט וועלכער געריגשעטצונג זי בעהאַנדעלט ווערדען, מיט וועלכער פעראַכטונג מאַן איהנען זעלבסט די דורך מיהזאַמען אַר־בייט פערדינטע שפּאַרזאַמע נאַהרונג הינרייכטע. אָ, איך האַבע מאַנ־כעס בעמערקט, ביי דעססען עריננערונג בלאָס מיר שאָן דאַס הערץ בלוטעט.

**הינדע** — צוואַר בין איך איהנען פיר איהרע הערצליכע טייל־נאַהמע זעהר פילען דאַנק שולדיג, יעדאָך אַבער מוס איך זי ביטטען, דאַס זי איהרע געזיננונגען אין הינזיכט מיינער ליבען טאַנטע אין געגענוואַרט אַנדערער ניכט אויף זאָלכע אַרט אויסערן מעכטען; דען זי קענטען דאַדורך ניכט אַלליין זי, זאָנדערן אויך מיך אונד זיך זעלבסט ביי דער וועלט אין איינעם שלעכטען ליכטע פערזעטצען.

**רעדלעך** — בלייבען זי נור גאַנץ אונבעזאָרגט, מיינע ליבע הינדעלע! דען זי ביי דער וועלט אין איינעם שלעכטען ליכט פער־

---

* (ד') מורמלען, שעפטשען, מרוקען, באַקלאַגן זיך.

זעטצען היסע זאָפּיל, אַלס דער אַללעס בעלייכטענדען זאָננע איהרען ליכטשטראַהל פערלייגנען וואָללען! וואַס אַבער איהרע טאַנטע בעטריפט, זאָ פערשטעהען זיך די לייטע אויף איהרען כאַראַקטער אום, פיללעס בעססער אַלס זי. אָ, מעכטען זי נור ערשט אַללעס וויססען, וואַס זיך די לייטע אין די אַהרען פליסטערן, וואַס דיזע העללענפוריע...

**הינדע** — לאָזט אים ניט אויסרעדן און פאַלט אים אין די רייד אַריין. זי פאַרהאַלט זיך די אויערן, זי זאָל נישט הערן, וואָס רעדלעך זאָגט. איך וויל פאָן זאָלכען ניכטס וויססען, ניכטס הערען, ליבער, בעסטער הערר רעדליך! איך ביטטע זי, פערשוינען זי מיך מיט דערגלייכען נאַכריכטען, ערציגען זי מיר דיזע איינציגע געפעלליגקייט אונד לאַססען זי מיך פאָן מיינער טאַנטע, פאָן מיינער צווייטען מוטטער נור אַללעס גוטע דענקען.

**רעדלעך** — שווייגט אַ ביסל שטיל און קוקט אָן הינדען מיט רחמנות; דערנאָך גייט ער צו איר און נעמט זי אָן ביי דער האַנט. געטטליכעס מעדכען! פערצייהען זי מיר, ווען איך זי געקרענקט האַבע; גלויבען זי מיר, דאַס נור מיינע ליבע עס וואַר, וועלכע מיך זי אויף איהר אייגענעם שיקזאַל איין וועניג אויפמערקזאַם צו מאַכען בעוואָג. אַלליין איך זעהע ערשט יעצט איין, ווי טעריכט עס פאָן מיר וואַר, דער געניגזאַמען צופרידענהייט, דאַס זי מאַנגעל ליידע, פאַרשוואַצען צו וואָללען.

**סערקעלע** — עפנט גאַנץ פּאַמעלעך אויף די טיר, וואָס איז אָן דער רעכטער זייט, און קוקט־אַריין בגנבה.

**רעדלעך** — איך ביטע זי, מיינע ליבע הינדעלע, פעראַכטען זי מיך נור ניכט. ער קושט איר די האַנט היר פלעהע איך, ווי איין אַרמער דינער, אום איהרע פערצייהונג.

**הינדע** — אַבער אום גאָטטעס וויללען, איך ביטטע זי, זי וויל איר האַנט פון זיינער אַרויסנעמען, לאַססען זי מיך, איך פערצייהע איהנען פאָן גאַנצען הערצען. איך ביטטע זי... צו זיך אין דער שטיל ניין, ניין, איך האַלטע עס ניכט מעהר אויס! הויך ליבער, גוטער,

טייערער הערר רעדליך! זי גיט אים אַ קוש לאַססען זי מיך אַב! לאַס־סען זי מיך זי רייסט אים אויס איר האַנט איך פערצייהע איהנען פאָם גרונדע מיינעם הערצענס.

**רעדלעך** — אָ! יעצט איזט מיין גליק גרענצענלאָז! מעגע זיך בון די גאַנצע וועלט מיט פערלען, דיאַמאַנטען אונד ווי דאַס צייג אַללעס הייסען מאַג בעררייכערן — ער כאַפּט הינדען אַרום מיטביידע הענט איך האַבע דיך, מיינע ליבע הינדעלע! אונד האַבע פערלען, דיאַמאַנטען אונד קליינאָדיען גענוג!

## זעקסטער אַריינקום

סערקעלע, הינדע, רעדלעך זיי צעלויפן זיך, ווי זיי זעען סערקעלען

**סערקעלע** — שיין, שיין, אויף דעם האָב איך מיך גאָר נישט גערעכט. ביסט גערעכט, הינדעלע! מאַכסט כבוד דעם טאַטן אין קבר. אָ, שיין! גאַנץ שיין! פאַרפינצטערט און פאַרשוואַרצט איז דיין דאָליע געוואָרן, אַז עס גלוסט זיך דיר נאָך אָן דעם טאָג, ווען דודס יאָר־צייט איז, מיט דייטשן צו שפּילן. אוי, מיינע כוחות!

**רעדלעך** — קוקט אָן סערקעלען אַזוי ווי מען מאַכט אויס עמעצן חוזק. ערגערן זי זיך נור ניכט, מיינע ליבע דאַנציגער — זי זינד יאַ קראַנק, שטערבליך קראַנק, עס קענטע אינען שאַדען.

**הינדע** — וויל רעדלעכן איינהאַלטן און לאָזט אים נישט רעדן אום גאָטטעס וויללען, ווען זי מיך... בלייבען זי שטילל, איך ביטטע זי, ענטפערנען זי זיך, איך בעשווערע זי.

**סערקעלע** — מיט ביידע הענט אין דער זייט ווער ביסטו דאָס? דו, ליידאַק! דו, פאַרד! מיינסטו דאָס, אַז ביי מיר איז עפּעס אַ שענקהויז? איך וועל דיר דאָ וויזן, דו, דייטש מיט לונגען, ווער עלטער איז. אַזוי אַ גאַלגאַן! זאָל אַ העזה האָבן אַריינצוקומען צו מיר אין שטוב אַריין די מיידלעך צו אַלעם בייזן אָנצורעדן!

**רעדלעך** — וויל ווידער אָנהייבן צו רעדן, און הינדע בעט אים מיט השוויות, ער זאָל אַוועקגיין.

**סערקעלע** — שרייט גאַנץ הויך אַרויס פון מיין שטוב, דו, אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער נאַקעדיקער דייטש! אַרויס תיכף, זאָג איך! זאָלסט דיך נאָר דערוועגן מיין שוועל נאָך איין מאָל צו באַטרעטן, וועל איך דיר רוק־און־לענד צעברעכן, אוי, מיינע כוחות!

**הינדע** — נעמט אָן רעדלעכן ביי דער האַנט און פירט אים דורך דער מיטלסטער טיר אַרויס ווען זי מיך גערן האָבען, זאָ געהען זי.

**רעדלעך** — קוקט ביי דער טיר נאָך אַ מאָל סערקעלען אָן זייער בייז און גייט אַוועק.

## זיבעטער אַרייַנקום

### סערקעלע, הינדע

**הינדע** — בלייבט שטיין ביי דער טיר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, און וויינט.

**סערקעלע** — נו, נו, איך האָב מיך גוט דערלעבט — ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז איך וועל פון אַזוי אַ צרה, פון אַזוי אַ שלים־שלימזל זעלכע חרפות און בושות איינּנעמען? וואַרט נאָר, וואַרט, איך וועל מיך שוין נעמען צו דיר, ווערסטו דיר שוין, דו בעסטיע, אַ קריעה רייסן נאָך דיינע יאָר און טעג. אוי, מיינע כוחות! דאָס איז דאָס דער לוין פאַר מיין בידעווען*, וואָס איך בידעווע טאָג און נאַכט מיט איר! אומשטיינסגעזאָגט, וואָס האָט זי דען צו זאָרגן, די קבצנטע! פרעסט און זויפט מיין בלוט — נו, גלוסט זיך איר אַ דייטש אויך...

**הינדע** — וויינט מומע־לעבן! איך בין...

**סערקעלע** — פאַלט איר אין די רייד אַריין האַלט דעם פּיסק, זאָג איך דיר, דו דראַבקע**! אַוודאי דאַרפסטו נאָך דעם פּיסק צו

---

* אַנליידן זיך. — ** זשוליק, ליידאַק.

עפענען! וויפל קומט דיר נאָך אין בייטל אַריין צו צאָלן, הע? דו ווייסט? דו האָסט צו וויינען און צו קלאָגן אויף דיינע יאָר און טעג, וואָס דו ביסט גאָר געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט. זאָג אַליין, דו, פּורעניות: ווי האָסטו נישט געהאַט גאָט אין האַרצן ביי שיינעם העלן טאָג, ביי מיר אין שטוב, וואָס די טיר רוט נישט פון פרעמדע מענטשן, זיך אַנידערצוזעצן מיט אַזוי אַ הולטייר, מיט אַזוי אַ דראַב? גאָט ווייסט, וואָס דאָ העט געווען, ווען עס זאָל מיך נישט עפּעס אַזוי ווי אַראָפּרייסן פונעם בעט. אוי, וויי, מיינע כוחות! זכות־אָבות איז מיר דאָ עפּעס בייגעשטאַנען.

**הינדע** — גייט צו סערקעלען מיט געוויין און וויל איר די האַנט קושן מומעניו! גילדענע מומעניו! הערט מיך נאָר אויס... וועט איר הערן... אַז איך בין... גאָר נישט שולדיק.

**סערקעלע** — גיט הינדען אַ שטויס פון זיך אַוועק אַוועק, דו, דו, דו — גיי קוש דו זיך מיט דעם. זי קען ניט רעדן פאַר גרויס כעס.

**הינדע** — פאַלט־אַנידער אויף דער ערד און שרייט אוי! גאָט זאָל אייך דאָס מוחל זיין!

## אַ כ ט ע ר   אַ ר יי נ ק ו ם

סערקעלע, הינדע, חווה קומט צו גיין דורך דער טיר, וואָס איז אין דער רעכטער זייט

**ר׳ גבריאל** — קומט דורך דער טיר, וואָס גייט אויף דער גאַס אַרויס.

**חווה** — לופט־צו צו הינדען אוי, וויי מיר, הינדע־לעבן! זי הייבט זי אויף האָסטו דיר עפּעס געטון, מיין לעבן?

**ר׳ גבריאל** — וואָס איז דאָס דאָ געווען אַזוינס?

**סערקעלע** — פרעגט נישט, עס איז שוין רעכט. עס איז שוין דאָ גוט געווען.

**ר׳ גבריאל** — וואָס איז דאָס? אפשר ווידער עפּעס אַ שאָדן געוועזן?

**סערקעלע** — אוי, ווײ, מײַנע כוחות! גלײבט מיר, עס איז גאָר אַ חרפּה און אַ שאַנד פאַר לײט אַפילו צו דערצײלן! אָט קוקט זי נאָר אָן — העט מען ניט געמעגט שווערן, אַז זי קען גאָר קײן צווײ ניט צײלן? די הולטײקע!

**הינדע** — אוי, חווה־לעבן! פיר מיך אין בעט אַרײַן, איך מוז מיך לײגן, איך בין זײער פאַרשלאָפט... אוי!

**חווה** — נעמט הינדען אונטער דעם אָרעם גאָט זאָל געבן, עס זאָל עפּעס אַ גוטן סוף נעמען מיט דעם וואַיעוועון! איטלעכער באַזונדער האָט צו טון מיט דער אָרעמער יתומה, נעבעך.

**סערקעלע** — קוקט זי נאָר אָן, ווי זי מאַכט זיך חלשן, די לײדאַטשקע! איצט האָט זי קײן כוח ניט — רופט איר נאָר רעד־לעכן צוריק, וועט זי דאָ באַלד כוח האָבן, אוי, מײַנע כוחות!

**חווה** — פירט הינדען גאַנץ פּאַמעלעך אַוועק און װײנט שטאַרק עס איז שוין די העכסטע צײַט, אַז גאָט זאָל זיך עפּעס מרחם זײַן.

## נײַנטער אַרײַנקום

ר׳ גבריאל, סערקעלע

**ר׳ גבריאל** — וואָס האָט זיך דאָס דאָ געטון, וואָס איר זײַט אַזוי בײז? עס פלעגט דאָך גאָר ניט אײַער טבע צו זײַן. דערצײלט נאָר מיר אויך — אָדער איז עס אפשר גאָר אַ סוד פאַר מיר, העי?

**סערקעלע** — אַ סוד אַהין, אַ סוד אַהער, — וואָס זאָל איך אײַך דאָ אויך נאָך דערצײלן, איר זאָלט אויך עגמת־נפש האָבן? גלײבט מיר, איך האָב געענוג פאַר ס׳מײַניקע — נאָר איר זײַט דאָך, הײסט עס שוין, דאָס אונדזעריקע, איר וועט דאָך ניט קײנעם װײטער דערצײלן.

**ר׳ גבריאל** — וואָס זײַט איר דאָ ערשט מסופק, מחותנתטע־

לעבי וועמען האָב איך צו דערציילן? ביי מיר איז אין איין אויער אַריין און פון דעם אַנדערן אַרויס.

**סערקעלע** — הערט־זשע צו, וועט איר עפּעס הערן אַ שיינע מעשה. איך ליג מיר דאָ אַזוי פרי̇ער און שלאָף — איך האָב אַפילו נישט רעכט געשלאָפן אויך, נאָר בין אַזוי געלעגן און געדרימלט, אַזוי ווי אַ מענטש ליגט אָפּט מאָל אין קוואַל * — האָט עס מיך עפּעס אַזוי ווי נישט געלאָזט ליגן אויף אַן אָרט, איך זאָג אייך, עס האָט מיך עפּעס אַזוי ווי געקאַרטשעט, אַז איך זאָל אַהער אַריינגיין, אין דער שטוב אַריין... אינמיטן אָבער האָב איך מיך דערמאַנט, אַז איר ליגט דאָ און שלאָפט...

**ר׳ גבריאל** — איז געשטאַנען אַ ביסל ווי דערשראָקן; איצט פאַלט ער איר אין די רייד אַריין יאָ, איר זייט גערעכט, איך האָב טאַקע דאָ געשלאָפן, נאָר איך האָב מיך דערמאַנט, אַז די פּאָטשט גייט היינט זייגער פיר אַוועק, און איך האָב נאָך נייטיק געדאַרפט עטלעכע בריוו צו שרייבן, בין איך געשווינד געלאָפן, אַ מערכה, וואָס איך האָב מיך דערמאַנט — נו, וואָס איז ווייטער געוועזן?

**סערקעלע** — דערווייל דערהער איך דאָ דעם הולטייס, דעם אַכבראָשס קול. און איך זאָג אייך דעם אמת, איך קען אים פון אייביק אָן נישטליידן, וואָרן גלייבט מיר, ער זאָל נאָר נישט דאַרפן מיט אַלטע־לעבן פראַנצייזעריש צו לערנען — העט איך אים, אָסור, גאָר נישט געוועזן צו מיר אין שטוב אַריינגעלאָזט, אוי, מיינע כוחות!

**ר׳ גבריאל** — רעדלעכן מיינט איר? אַהאַ! אַהאַ! אַוודאי זייט איר גערעכט. אַזוי אַ קאַטשאַלאַפּ ** קען נאָך אַ מאָל עפּעס אַוועק־טראָגן אויך, און דערנאָך גיי שריי „חי וקים״.

**סערקעלע** — דערווייל טראַכט איך מיר, לאָמיך נאָר גיין זען, מיט וועמען ער שמועסט דאָס דאָרט אַזוי ערנסט, און הייב מיך אַזוי אויף און גיי צו דער טיר און קוק מיר אַזוי גאַנץ שטיל צו, וואָס עס טוט זיך. וואָס זאָל איך אייך דאָ, מיין ליבער ר׳ גבריאל, אַ סך

* פּאַרטויבונג, האַלב־פאַרחלשטער צושטאַנד. — ** חברה־מאַן.

**ברייען * — איך האָב געמיינט, איך ווער שיער איינגעזונקען. מאָלט**
**אייך** **אַזוי ווי דאָ** זי שטעלט ר׳ גבריאלן דאָ, ווו רעדלעך איז פריער געשטאַנען **שטייט זיך רב רעדלעך און האַרט נעבן אים די בעסטיע** זי שטעלט זיך נעבן ר׳ גבריאלן דאָ, ווו הינדע איז פריער געשטאַנען **און ער נעמט זי אַלע מאָל אַרום און גלעט זי.** זי נעמט ר׳ גבריאלן מיט בײדע הענט אַרום און גלעט אים **דערנאָך גיט ער איר גאָר אַ** קוש — **איך** קוק און שוויג. זי שוויגט אַ ביסל **ער גיט איר דעם** אַנדערן קוש — **און איך** קוק **און שוויג.** זי שוויגט ווידער אַ ביסל **ער גיט איר אָבער שוין דעם דריטן קוש, פאַרשטייט איר? און זי גיט אים** אויך **שוין אײנעם.** זי שוויגט אַ ביסל און קוקט אָן ר׳ גבריאלן.

**ר׳ גבריאל** — פאַרדרייט זיך מיט דעם פנים אַוועק פון סערקעלען און פאַרקרימט זיך, אַזוי ווי מען מיאוסט זיך פאַר עפּעס.

**סערקעלע — נו, טראַכט איך מיר, אַזוי איז דאָס די מעשה! איצט איז די רעכטע צייט, אַז איך זאָל אייך ווייזן, אַז איך בין אויך דאָ — וואָרן איך האָב דאָך, אומשטיינסגעזאָגט, געזען, אַז עס הייבט באַשיימפּערלעך אָן צו גיין אין גרויסע גדולות אַריין זי קלאַפּט זיך** מיט דער האַנט איבער דעם מויל **אוי, מײנע כוחות! קום איך מיר פּלוצלינג אַריין צו גיין — מילא, אים האָב איך געמאַכט אַ סוף, אַז ער וועט שוין דאָס אַנדערע מאָל נישט דערלעבן צו קומען צו מיר אין מיין הויז אַריין; זי אָבער האָט נאָך אַזוי אַ פאַרוואַשן פּנים און וויל מיר אײנרעדן, אַז דאָס, וואָס איך האָב מיט מײנע כשרע אויגן געזען, איז גאָר ליגנד, און וויל מיך אַלץ נאָך איבערבעטן —**

**ר׳ גבריאל** — פאַלט איר אין די רייד אַרײן זײט איר געגאַנגען און האָט זי געשלאָגן, — **נו, וואָס איז? איר האָט זי דאָך דאָ נישט געשלאָגן, זי זאָל, חלילה, גײן גנבענען... און ס׳אַנדערע, עס שטייט דאָך ביי אונדז טאַקע אַזוי געשריבן, אַז ווער עס וויל האָבן זײן קינד זאָל זײן גוט, דער שלאָגט עס מיט דער רוט.**

---

* ריידן אָן אַ סדר, אָן אַ סוף.

**סערקעלע** — ניין, אָסור, געשלאָגן האָב איך זי, פֿראַוודע, נישט, נאָר עס האָט מיך זייער פֿאַרדראָסן, וואָס זי וויל מיך אַלץ נאָך אָפּשפּאַרן *; און ס'אַנדערע, פֿאַרוואָס זאָל דאָס מיין הויז, וואָס איז פֿון אייביק אָן, פֿון אָבות־אַבותינו, געווען פֿרום און גוט, דורך אַזוי אַן אויסוואורפֿלינג ** קומען אין לייטישע מיילער אַריין? האָב איך זי פֿאַר דאָס נאָר קוים וואָס אָנגערירט, איז זי אַנידערגעפֿאַלן — נו, לאָז זי פֿאַלן; זי מיינט, איך וועל מיך דאָ זייער מצער זיין? — לאָז זי פֿון מיינעטוועגן זיין די כפּרה פֿאַר אַלע ייִדישע קינדער.

**ר' גבריאל** — ווייסט איר, מחותנתטע־לעב, איר מעגט, כ'לעבן, גומל בענטשן, וואָס ער האָט נישט אין איין וועגס נאָך עפּעס צוגענומען, וואָרן איך זאָג אייך דעם אמת — איך פֿלעג מיך תּמיד צו חידושן, ווי איר לאָזט אים מיט דער ווינד *** אַליין איבער אין שטוב. ער פֿלעגט דאָך אַזוי צו גיין איבער אַלעם גאָר ווי אַ באַלעבאָס.

**סערקעלע** — ווער האָט זיך געזאָלט פֿלוצלינג ריכטן אויף אַזוי אַ שלימזל? ער פֿלעגט דאָך צו מיין ברודער, עליו השלום, זיין זכות זאָל אונדז ביישטיין, תּמיד אַריינצוקומען און תּחילת, ווי ער האָט אָנגעהויבן צו מיר אַריינצוקומען, האָט ער אויך געסטאַטקעוועט ****, און איך זאָג אייך דעם רעכטן אמת, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכט, איך ווייס פֿיל, מען קען אַ מאָל פֿון אַזוי אַ יונג האָבן אַ נוצן; אָט האָט ער געלערנט מיט אַלטע־לעבן, זאָל שטאַרק און געזונט זיין, פֿראַנצייזעריש.

**ר' גבריאל** — עיקר שכחתי, ווו איז זי ערגעץ, מיין כלה? כ'לעבן, אַז איך זע זי נישט אַ פּאָר שעה, הייב איך שוין אָן צו בענקען נאָך איר! איך ווייס, אָסור, נישט, ווי איך וועל אַ מאָל קענען אָוועקפֿאָרן פֿון איר?

---

* אָפּלייקענען. — ** אויסוואורף. — *** שלאַק, אומגליק, צרה. — **** זיך געהאַלטן סטאַטעטשנע, ווי אַ סטאַטעק, קאָרעקט, סאָליד, באַלעבאַטיש.

**סערקעלע** — ווו אַהין ווילט איר דען פאָרן?

**ר׳ גבריאל** — לעת־עתה אין ערגעץ נישט, נאָר ביי אַזוי אַ סוחר ווי איך בין קען מען דאָך נישט וויסן — היינט איז מען דאָ און מאָרגן דאָרט, ווי אַ משא־ומתן* פאַלט אויס.

**סערקעלע** — וואַרט, וועל איך זי אויך דאָ תיכף אַריינשיקן

זי גייט אַוועק.

## צענטער אַרייַנקום

### ר׳ גבריאל אַליין

ער קוקט נאָך סערקעלען און מאַכט חוזק אויס איר סערקע־לעבן! ווו איז דיין שטערנטיכל, הע? ער לאַכט שטאַרק האַ־האַ־האַ! עס הלומט זיך איר אָבער נאָך גאָר נישט. ווי מיר דאַכט זיך, וועט דאָ רעדלעך, נעבעך, גאָר דאָס באָד אויסגיסן. אַ שאָד, כ׳לעבן — ער איז קיין שלעכטער יונג נישט. נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן? לאָז זיך טון, וואָס עס וויל. היינטיקע צייטן איז קאָזדען סאָביע**; היינט באַדאַרף איך מסלק צו זיין, מוז איך מיר אַן עצה געבן; אַז ער וועט דאַרפן מסלק צו זיין, לאָז ער זיך ווידער אַן עצה געבן. דעם פגר האָב איך, פראַוודע, אויף זייער אַ גוט אָרט־באַהאַלטן, נאָר ווי דער־לעב איך שוין פּטור צו ווערן... איך מוז נאָך היינט גיין זוכן עפּעס אַן אורח, אים דאָס שלימזל אָנצוהענגען. אין שטאָט טאָר עס איין מאָל פאַר אַלע מאָל נישט בלייבן. איך וועל, אָסור חזיר, נישט לאַנג שהיות מאַכן, וואָרן וויפל איך וועל נעמען, וועל איך אַלץ ביי דעם משא־ומתן נישט בדלות ווערן ער לאַכט האַ־האַ־האַ! ער בלייבט שטיל און טראַכט איך וויס נישט, וואָס דאָס איז עפּעס אין דער וועלט: איך האָב דאָך אַמאָל געלערנט אין אַ חדר, פלעגט מיך דער מלמד טאָג און נאַכט צו שלאָגן, צו הרגענען, נאָר אַז איך זאָל באַגערן; נו

---

* געשעפט. — ** (פּ׳) פאַר זיך.

גוט, רבי־לעבו! איך וועל שוין באַגערן. קומט ווידער אַצינד, שרייט דער עולם „מען טאָר נישט קיין פרעמדס באַגערן“ — נאַראָנים! מיין אייגנס באַדאַרף איך דאָך נישט צו באַגערן! ער גיט אַ מאַך מיט דעם גראָבן פינגער, אַזוי ווי מען לערנט אַ פשטל נישמער זאָגט מען: ניין! מיין רבי רב טרייטל הויקער האָט אַוודאי רעכט געהאַט, אַז באַגערן מיינט מען נאָר פרעמדס, און ווייטער האָט מען שוין נישט צו קלערן — וואָרן קלער היינט, קלער מאָרגן, וועל איך אַלץ בלייבן דער איי־גענער בעל־חוב וואָס פריִער. אָט־אָ־די בעלי־הלוואות זיינען דאָס אַ ביסל עזות־פּנימער, אַז טאָג און נאַכט הערט מען זיי נישט מער נאָר מאָנען — זיי זאָלן דאָס אַ מאָל מיד ווערן! זיי לויפן מיר שוין גאָר נאָך אין די גאַסן און רייסן מיר ממש די פּאָלעס אָפּ, איך זאָל פּלוצלינג גאָר אָפּגעבן, וואָס איך האָב ביי זיי גענומען — נו, איז זשע דאָס נישט אַ קאָמעדיע? ממה־נפשך, די קשיא: אַז איך זאָל ווי־דער אָפּגעבן, העט איך דאָך נישט געדאַרפט צו נעמען? און ס'אַנדע־רע, ווען איך זאָל מיך נאָר וועלן ערשט מיט זיי גוט באַחשבונען, בין איך, אָסור, גאָר אַזויפיל נישט שולדיק, וויפל איך העט געקענט שול־דיק זיין, אַז מען זאָל מיר נאָר וועלן מער געטרויען. ער קוקט זיך פּלוצלינג אום און דערזעט אַלטעלען גבריאל! פּתח שין!... ער פאַר־האַלט מיט דער האַנט דאָס מויל און זאָגט אין דער שטיל קוקט נאָר אָן דעם חן, וואָס די מאַכט!

## עלפטער אַרייַנקום

### ר׳ גבריאל, אַלטעלע

**ר׳ גבריאל** — גייט אַלטעלען אַנטקעגן און קושט איר די האַנט. האַט אינע די מאַמעניו געזאָגט, אַז איך בענק נאָך אינע?

**אַלטעלע** — יאַ, זי האַט מיר געזאָגט — גאָטט זיי דאַנק, דאַס וויר שאָן זאָ וייט האַלטען.

**ר׳ גבריאל** — געלויבט צו גאָט! עס זאָל נאָר ווייטער אַזוי גיין, העטן מיר, אָסור, שוין גאָר נישט געהאַט צו זאָרגן!

**אַלטעלע** — ווערדען זי אָבער מיך אימּמער זוי ליב האָבען ווי יעצט?

**ר׳ גבריאל** — גיט אַלטעלען אַ קוש וואָס פרעגן זי דאָ ערשט אַ קשיא? זי זיינען דאָך מיין גילדענע אַלטעניו!

**אַלטעלע** — איך ביטטע זי, מיין ליבער ברייטיגאַם — רופען זי מיך ניכט מעהר ביי דיזען יידישען אַבשייליכען נאָמען! פפאַי! ווי אַלט בין איך דען גאַר?

**ר׳ גבריאל** — איך ווייס אַליין, זי זיינען נאָך גאַר אַ יינגיטש־קע מיידעלע, נאָר ווייל זי זיינען זייער איידל און ציטעריק, רופט מען זי „אַלטעלע״, כדי זי זאָלן זיך האָדעווען, וואָרן דאָס איז אַ גוטע סגולה דערצו.

**אַלטעלע** — איך ווייס זעהר גוט, דאָס איך בין זעהר אייטעל געצוויגען, איך ווילל אָבער דאָך הייסען „פרידעריקע״, אונד זוי זאָללען זי מיך אימּמער רופען.

**ר׳ גבריאל** — אין דער שטיל צו זיך פון מיינעטוועגן לאָז זי כאָטש הייסן איצינדערטיקע! הויך נו, מיין לעבן, פון איצט אָן וועל איך זי שוין תמיד רופן מיינע האַרצעדיקע, קרוינעדיקע פרירע־דיקע, יאָ?

**אַלטעלע** — אָבער ניכט פרירעדיקע, נור פרידעריקע, אונד זי, זי מיסען אייך איינען רעכט שעהנען דייטשען נאָמען האָבען, צום ביישפּיל — זיי בלייבן אַ ביטל שטיל, קוקן זיך איינס דאָס אַנדערע אָן און טראַכטן.

**ר׳ גבריאל** — אפשר — — — כאַפּריאל?

**אַלטעלע** — אָ, פּע! דער איזט ניכט שעהן!

**ר׳ גבריאל** — נו, ניין, ניין, זיי קוקן זיך ביידע ווידער אָן און טראַכטן אפשר... האַווריאָל?

**אַלטעלע** — אָ, ניין, דאָס איזט יאָ איין נאָמען ווי אונזער גרובע־הייצער; ניין, ניין, לאָססען זי מיך נור זעלבסט נאָכדענקען, זי טראַכט נאָך, און ער פאַרשטעלט זיך מיט דער פּאַטשיילע און לאַכט אין דער שטיל און מאַכט אויס איר חוזק; זי גיט זיך אַ כאַפּ מיט

שמחה וויססען זי! דער ווירד זעהר גוט זיין — גאַבריעללע! דאָס איזט איין שעהנער נאָמען. יאָ, יאָ, זוי מוס עס בלייבען. גאַבריעללע מיססען זי הייסען! איך האָבע דיזען שעהנען נאָמען שאָן וואָ איין איין בוך געזעהען. זי נעמט אים אַרום מיין ליבער גאַבריעללע הענדלער!

**ר׳ גבריאל** — אין דער שטיל מזל־טוב מיט דעם נאָמען! ער נעמט זי אויך אַרום מיין גילדענע פרירע — ניין — פרידעריקעניו!

## צוועלפטער אַריינקום

ר׳ גבריאל, אַלטעלע, ירחמיאל

**ר׳ גבריאל** —לויפט ירחמיאלן אַנטקעגן וואָס ווילסטו שוין ווידער, וואָס?

**ירחמיאל** — קו־קו־קו־קומט שוין אַ־אַ־אַמאָל אַהיים אויך! אַ־אַ־אַז איר טשעפּעט אַ־אַ־ייך אָן אָ־אָ־אָן עפּעס, אי־איז אַ־אַ־אַ־איך נישט מעגלעך אַ־אַ־אַוועקצוריי־יי־ייסן.

**ר׳ גבריאל** — נו, זאָג שוין, וואָס ווילסטו?

**ירחמיאל** — רב שמואל טאַ־טאַ־טאַ־טאַ־טאַנדעטניק האָט אַ־אַ־אַ־ייך שוין ווידער געזוכט.

**ר׳ גבריאל** — נו, וואָס? האָט ער מיר אָפּגעבראַכט די צוויי הונדערט קערבלעך? ער ווינקט אים, ער זאָל זאָגן „יאָ״.

**ירחמיאל** — אי, אי, גראָד פאַרקערט, ער האָ־אָט געזאָגט, אַ־אַ־אַז איר וועט אים היי־יינט נישט אָ־אָפּגעבן די צוויי הו־הו־הונדערט קערבלעך, וואָ־אָס איר זייט אים שולדיק, וועט ע־ער גיין אי־אי־אין די פּאָ־פּאָ־פּאָ...

**ר׳ גבריאל** — לאָזט אים ניט אויסרעדן און ווינקט אים, ער זאָל שווייגן גיי, גיי, איך וויס שוין, איך וויס שוין!

**ירחמיאל** — ...פּאָ־פּאָ־פּאָליציי אַריין און וועט אַ־אַ־ייך גאָר אויסריי־יי־ייסן.

**אַלטעלע** — לאַכט זייער שטאַרק.

**ר׳ גבריאל** — נעמט אָן ירחמיאלן ביי דער האַנט און וואַרפט אים אַרויס דורך דער מיטלסטער טיר גיי צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

**ירחמיאל** — גייט אַוועק.

## דרייצנטער אַריינקום

### ר׳ גבריאל, אַלטעלע

**ר׳ גבריאל** — אַזוי ליידט מען זיך אָן פון די משרתים, — ער האָט גראָד פאַרקערט דערציילט, ווי רב שמואל, נעבעך, האָט אים געהייסן מיך בעטן; ער האָט, נעבעך, מיך געמוזט הייסן בעטן, אַז ער וועט מיר שוין היינט נישט אָפּגעבן די צווייהונדערט קערבלעך, וועל איך אים שוין מעגן פאַרקלאָגן אין דער פּאָליציי אַריין.

**אַלטעלע** — לאַכט האַ־האַ־האַ! איך האָבע זעהר גערן צו־צוהערען, ווי איהר בעדינטע שפּריכט. זי שפּעט אים נאָך אין דער פּאָ־פּאָ־פּאָ־פּאָליציי אַריין — האַ־האַ־האַ־האַ!

**ר׳ גבריאל** — אין דער שטיל צו זיך איך מוז איר זען געשווינד דעם פּיסק צו פאַרשטאָפּן — דער שוטה איז נאָך גאָר קאַפּאַבלט * דאָס דער מאַמעניו צו דערציילן הויך גילדענע פרידערי־קעניו! איך האָב אינע דאָ געבראַכט אַ מתנה, וועלן זי אַוודאי אַ גרויסע הנאה האָבן.

**אַלטעלע** — אָ, צייגען זי נור, איך ביטטע איהנען.

**ר׳ גבריאל** — נעמט אַרויס אַ פינגערל פון קעשענע און גיט איר עס גיבן זי מיר נאָר דאָס גילדענע הענטעלע, וועל איך עס אינע אַליין אָנמעסטן.

**אַלטעלע** — גיט ר׳ גבריאלן די האַנט און ער מעסט איר אָן דאָס פינגערל.

**ר׳ גבריאל** — אוי, וויי! ווי שיין! זעען זי נאָר, ווי דאָס פינגערל שטייט אינע אָן! אוי, וויי! ווי קינצלעך!

---

* (פראַנצ׳) קאַפּאַבל, אין שטאַנד, בכוח, ביכולת, פעיק.

**אַלטעלע** — פרייט זיך איך דאַנקע איהנען. איך ביטטע איהנען, מיין ליבער גאַבריעללע, וואַס זינד דען דאַס פיר שטיינע?

**ר׳ גבריאל** — אַ, דאָס זיינען זייער טייערע שטיינער. אָבער, אמת, זיי זיינען שיין? זעען זי, דער — דער איז אַ טאַפּאַז, און די צוויי דאָ זיינען גאַרפינקלען, און די איבעריקע זיינען סאַמע שמערגאַזלעך און כאַפּטאַזלעך * ער בייגט זיך אַוועק פון אַלטעלען און מאַכט חוזק אויס איר און לאַכט.

**אַלטעלע** — מיין ליבער גאַבריעללע, יעצט וואַרטען זי, ווערדע איך איהנען ווידער צייגען, וואָס פיר איין פּרעזענט איך האָבע איהרענטוועגען זי וויל אַוועקלויפען.

**ר׳ גבריאל** — האַלט זי צו און לאָזט זי נישט אַוועקגיין. נו, וואָס ווילן זי דאָ גראָד אַצינדערט? איך וועל נאָך שפּעטער אויך צייט האָבן צו זען. איך גלייב אינע, עס איז אַוודאי שיין.

**אַלטעלע** — וואַרטען זי נור איינע מינוטע, איך ווערדע נור די מוטטער רופען. זי שרייט גאַנץ הויך מאַמעניו! מאַמעניו! מאַמעניו!

## פערצנטער אריינקום

### סערקעלע, אַלטעלע, ר׳ גבריאל

**סערקעלע** — וואָס שרייסטו דאָס אַזוי, מיין לעבן? וואָס ווילסטו, מיין האַרץ?

**אַלטעלע** — זע נאָר, מאַמעניו, וואָס מיין ברייטיגאַם האָט מיר געשענקט! זי וויזט איר דאָס פינגערל איך ביטטע דיך, מאַמעניו! צייג אים נור, וואָס דו האָסט אַללעס זיינעטוועגען געקויפט.

**סערקעלע** — באַקוקט דאָס פינגערל און גיט עס ווידער אַלטעלען אָפּ ווי וועל איך דאָ אַצינד גיין זוכן? עס ליגט דאָרט ערגעץ צווישן דעם צירונג פּאַרפּאַקט. אוי, מיינע כוחות!

---

* אויסגעטראַכטע נעמען.

**אַלטעלע** — גיט סערקעלען אַ קוש אין דער האַנט אַריין איך ביטטע דיך, מאַמעניו, צייג איהם, צייג איהם באַלד!

**ר׳ גבריאל** — איז אַ ביסל ווי מבולבל געוואָרן ע, ווי ווערט זיך דאָ די מחותנתטע איצט מטריח זיין! איך וועל נאָך שפּעטער אויך צייט האָבן צו זען, לאָזט גיין, איך ווייס גאַנץ גוט, עס וועט מיר נישט פאַרפאַלן ווערן,

**אַלטעלע** — ניין, ניין, מאַמעניו! גאָלדענע מאַמעניו! געה, געה, צייג איהם גלייך! זי נעמט זי אַרום און קושט זי.

**סערקעלע** — נו, נו, איך גיי שוין זי גייט אין שלאָפחדר אַריין.

**ר׳ גבריאל** — ביטער! ער בלייבט שטיין גאַנץ מבולבל און פאַרטראַכט.

**אַלטעלע** — דאַ ווערדען זי עטוואַס שענעס זעהען, זי ווערדען ני ערראַטען — איך זאַגע איהנען, עס איזט הערליך.

**ר׳ גבריאל** — אין דער שטיל צו זיך שלעכט, גבריאל! מאַך דיר אַ האַרץ!

**סערקעלע** — קומט צו לויפן פון דעם שלאָפחדר, ברעכט זיך די הענט און שרייט אוי, וויי! געוואַלד! איך חלש! געוואַלד!

| | |
|---|---|
| **אַלטעלע** — לויפט־צו צו סערקעלען וואַס איז דאַס? זי שרייט געוואַלד! געוואַלד!<br>**ר׳ גבריאל** — שרייט זייער מחותנתטע־לעב! וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס? | ביידע מיט אַ מאָל |

**סערקעלע** — שרייט זייער שטאַרק געוואַלד! מען האָט מיך באַגנבעט, איך בין אַוועק! אוי, וויי מיר! וואָס וועל איך איצט אָנהייבן? וואָס וועל איך איצט טאָן? זי שרייט נאָך העכער און שלאַגט זיך מיט ביידע פויסטן אין קאָפּ אַריין אוי, וויי, מיין האָב! מיין פּראַצע! משה! משה! מען האָט דאָך אונדז, נעבעך, גאָר בדלות געשטעלט! געוואַלד! געוואַלד! מיין צירונג! מיין צירונג! געוואַלד!

**ר׳ גבריאל** — אום גאָטעס ווילן, זאָגט נאָר מיר, וואָס פעלט

**איך, וואָס? זייט איר געפאַלן? שרייט נאָר נישט אַזוי! דאָס צירונג — זאָגט איר, — עס איז אַוודאי דאָ, זוכט נאָר, זוכט נאָר גוט!**

**סערקעלע** — קנייפּט זיך מיט ביידע הענט אין די באַקן אַריין, ברעכט זיך די הענט און שלאָגט זיך אין קאָפּ אַריין, לויפט־אַרום אין שטוב און שרייט, וואַרפט זיך אַנידער אויף דער קאַנאַפּע **אוי, פינצטער איז מיין וועלט! דאָס גאַנצע קעסטל מיט צירונג איז נישטאָ! אוי, פאַרוויסט איז מיין לעבן! איך חלש! אוי! זוכטס, קינדער! זוכטס! אוי, געוואַלד!** קומטס, קומטס, **אָט־אָ־דאָרט איז עס געשטאַנען, אין שלאָפחדר, אין מיין בעט, צוקאָפּנס!** קומטס, קומטס, **לאָמיר זוכן, געוואַלד!** זיי לויפן אַלע אין שלאָפחדר אַריין. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ.

**סוף פון דעם דריטן אויפצי**

# פערטער אויפצי

**עס קומט־פאַר די אייגענע שטוב, ווי ביי דעם ערשטן אויפצי;**
**עס איז נאַכט; אויף דעם טיש ברענט זיך אַ ליכט**

## ערשטער אַריינקום

סערקעלע, ר׳ גבריאל זיי זיצן בײדע ביים טיש

**סערקעלע** — הינט זאָלן ווינען אין אַזוי אַ שטאָט! מען זאָל אין אַזוי אַ גרויסער שטאָט נישט קענען קריגן איין מענטש, וואָס ער זאָל מיר קענען עפּעס אַן עצה געבן!

**ר׳ גבריאל** — גלייבט מיר, מיין ליבע מחותנתטע־לעבן, אַז איך ווייס אייך אין דער זאַך גאָרנישט צו ראָטן. וואָרן ביי אַזוי אַן אינטערעס איז דאָס בעסטע, אַז מען טוט נאָר נאָך זיין אייגענעם שכל; וואָרן איר, זאָלט לעבן, ווייסט דאָך בעסער פון איטלעכן, ווו איר האָט געהאַט דאָס קעסטל שטיין און קענט אַלע אייערע הויזלייט און איינגייערס זייער גוט, — נו, דאַכט זיך מיר, אַז איר וועט מיט אייער קלוגן שכל מער קענען פּועל זיין, ווי אונדז אַלע.

**סערקעלע** — אוי, מיינע כוחות! ווייסט איר, עס האָט מיך פון פריִער אָן — אויף אַלע ווסטע וועלדער געזאָגט — אָנגעכאַפּט אָן אַ זייט אַ קלעמעניש, אַז איך ווייס גאָר נישט, ווו איך בין ערגעץ אין דער וועלט. הערט־זשע צו, מיין ליבער ר׳ גבריאל! איך האָב מיך גאָר אַנדערש מיישב געווען: מיין דעה העט געווען, אַז איר זאָלט אייך אַ ביסעלע מיט רעדלעכן צעשמועסן, נאָר פאַרשטייט איר מיך, אַזוי קלוג, טאַקע קלוג, אַז ער זאָל זיך גאָר נישט שטויסן. דאָס הייסט רעכט — איך באַדאַרף דאָך אייך נישט ערשט צו לערנען. און איך

וועל מיך אַליין נעמען צו הינדען און זי ווידער אַ ביסל אויספאָרשן, און איך זאָג אייך, אַז דאָס האַרץ זאָגט מיר אַלץ, אַז מיר וועל'מיר אַוודאי מיט גאָטס הילף אַלץ ביי זיי געוואָר ווערן.

**ר' גבריאל** — דאָס, זעט איר, מחותנתטע־לעב, האָט מיר נישט פאַראיבל, רעדט איר ווי אַ קינד — וואָס מיינט איר, רעדלעך איז עפּעס אַ נאַר? רעדלעך וועט זיך נישט תיכּף שטויסן, ווי איך וועל נאָר אָנהייבן מיט אים צו שמועסן, נאָך וואָס איך בין צו אים געקומען? ובפרט נאָך, אַז ער איז יאָ אַ גנב — וועט ער זיך נישט היטן מיט איטלעכן וואָרט, וואָס ער וועט רעדן ?— איבער דאָס איז מיין עצה גאָר אַנדערשט, אַז איר זאָלט לעת־עתה גאָר אינגאַנצן לאָזן גיין און איך גאָר נישט וויסן מאַכן, אויב עס פעלט אייך גאָר עפּעס, און איך בין אייך בטוח, אַז אין אַ קורצער צייט וועט אַלץ אַרויסקומען ווי בוימל אויפן וואַסער; וואָרן דער גנב וועט דאָך דאָס צירונג אַוודאי עמיצן וועלן פאַרקויפן, און ווער, זאָגט מיר נאָר, קען דאָס הי נישט אייער צירונג? — וועט מען אייך אַוודאי אַלץ אָפּברענגען אין שטוב אַריין גאָר אומגעריכט.

**סערקעלע** — נו, יאָ, איר זייט אפשר גערעכט; מיינט איר אָבער, אַז איך וועל עס ביז דעמאָלט קענען אויסהאַלטן? וועל איך קענען רוען? וועל איך קענען לעבן? — איז דאָס גאָר פאַר מיינע כּוחות אַזוי אַ ווייטיק אויסצוהאַלטן? אָט גייט יום־טוב־לעב, אין וואָס גייט מען אין דער הייליקער שול אַריין? איך וועל דאָך אַפילו נישט אַ מאָל קענען אויף דער גאַס אַרויס מיך ווייזן, אוי, מיינע כּוחות!

**ר' גבריאל** — איך פאַרשטיי, אָסור, נישט — האָט מען אייך דען גאָר דאָס גאַנצע צירונג אַוועקגעטראָגן? ווי קען מען ריידן, עס האָט דאָך אייך פאָרט נאָך עפּעס געמוזט בלייבן?

**סערקעלע** — וואָס טייטש? ווי אַזוי האָט מיר געקענט בלייבן, אַז מיין גאַנץ צירונג איז געלעגן נאָר אין איין קעסטל, און דער גנב האָט עס אינגאַנצן צוגענומען, נו, ווי אַזוי איז מיר געבליבן? צו דעם אַלעם אָבער איז דער פינצטערער גזר־דין נאָך אַזוי גרויס, אַז דאָס האָט דווקא גראָד אָן דעם טאָג געדאַרפט צו געשען, ווען דודס יאָר־

צייט איז, און דער גנב האָט דאָס נאָך אַזוי אָפּגעטשיפּערט *, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז עס קומט אָן דעם טאָג קיין שום שטיקל צירונג נישט אויף מיין לייב אַרויף! אוי, ווינד און ווי איז מיר! איך ווער דאָך שוין טאַקע שיר נישט משוגע פֿאַר צרות! און דאָס ערגסטע איז נאָך, אַז עס וויל מיר אַפילו קיינער קיין עצה נישט געבן, וואָס איך זאָל טון, אוי, מיינע כוחות! עס איז, כ׳לעבן, טאַקע אמת, אַז ווען דער וואָגן פֿאַלט, זיינען די רעדער צו־שווער.

**ר׳ גבריאל** — נו, אַדרבא, וואָס קען מען איך דאָ פֿאַר אַן עצה געבן? — אָסור, אויב איך ווייס.

**סערקעלע** — נו, בעט איך דאָך אייך, פֿאָלגט מיך נאָר דאָס איינע און שמועסט מיט רעדלעכן; וואָס האָט איר מורא? ער וועט דאָך אייך דאָ קיין פּאַטש נישט געבן — איך, ווייסט איין גאָט, קען דעם גנב נישט אין פּנים אַריין קוקן.

**ר׳ גבריאל** — נו, ווייסט איר־זשע וואָס? מחותנתטע־לעב, איך וועל אייך שוין דאָס אויך צוליב טון, איר זאָלט דערנאָך נישט זאָגן אַזוי אָבער אַזוי, נאָר דאָס איינע וועל איך אייך נאָך בעטן, אַז איר זאָלט מיר אויך עפּעס נאָכגעבן.

**סערקעלע** — נו, זאָגט נאָר, זאָגט וואָס?

**ר׳ גבריאל** — איר זאָלט מוחל זיין שיקן נאָך ר׳ יוחנן, אַז ער זאָל מיר אויך אַ ביסל העלפֿן, און איר מאָגט בטוח זיין, אַז איך וועל מיט אים בייגאַנד דעם בחור אויספֿרעגן, וועלן מיר אַוודאי פֿון אים געוווירן ווערן אַפילו דאָס, וואָס ער האָט אונטער דעם לעבער, וואָרן וואָס צוויי איז פֿאָרט נישט איינער.

**סערקעלע** — יאָ, דאָס איז אמת, נאָר ווען קען דאָס זיין?

**ר׳ גבריאל** — ווען איר ווילט, פֿון מיינעטוועגן כאָטש נאָך היינט.

**סערקעלע** — נו, גוט, אָט גיי איך תיכף שיקן נאָך ר׳ יוחנן,

* אָפּגעאַרבעט, אויסגעמאַרקירט, אויסגעחשבונט.

אין איר קענט אייך דאָ ביידע אַנידערזעצן און אים לאָזן אַריינרופן; איך וויל אַפילו גאָרנישט דערביי זיין זי הייבט זיך אויף אַוועקצוגיין.

**ר׳ גבריאל** — ווו איז ער דען, דער בחור? ער איז דאָך אַוודאי ביי זיך אין דער היים! ווער ווייס, אויב ער וועט גאָר וועלן אַהער קומען?

**סערקעלע** — ע, וואָס רעדט איר! ער איז שוין דאָ ביי מיר, דער אַכבראָש! איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם, אַז ער וועט נישט קומען, האָב איך אים געלאָזט אַהער פאַרנאַרן און האָב אים געהייסן זאָגן, אַז מיין משה רופט אים, — און ווי ער איז אַהער געקומען, האָב איך אים שוין נישט מער געלאָזט אַהיים, און אַזוי זיצט ער דרינען אין קיכשטוב, און צוויי שמשים פּילנעווען* אים.

**ר׳ גבריאל** — דאָס האָט איר זייער גלייך געטון. איצט אָבער מאַכט־זשע שוין גאָר קיין שהיות נישט און שיקט תיכף נאָך ר׳ יוחנן, וואָרן עס וועט שפּעט ווערן; און זייט אים טאַקע מודיע נאָך וואָס, און גרייט אָן עפּעס אַ טרונק, כדי ער זאָל גיכער קומען, וואָרן ער האָט דאָס נישט פיינט.

**סערקעלע** — איך וועל שוין דאָ אַלץ אַריינשיקן זי וויל אַוועקגיין.

**ר׳ גבריאל** — עיקר שכחתי, קומט נאָר צוריק, נאָך איינס האָב איך אייך צו פרעגן.

**סערקעלע** — קערט זיך אום צוריק וואָס נאָך ווילט איר, וואָס?

**ר׳ גבריאל** — וואָס וועט אָבער זיין, אַז רעדלעך וועט זיין אַזוי אַ קלוגער יונג און וועט זיך האַלטן ביי איין וואָרט? וואָס וועט איר טון, אַז ער וועט נישט וועלן מודה זיין דעם אמת, העך?

**סערקעלע** — פאַר דעם זאָרגט אייך גאָר נישט! אַז ער וועט דאָ נישט וועלן מודה זיין, וועט ער שוין ערגעץ אַנדערש מודה זיין! טוט איר נאָר דאָס אייעריקע און זאָרגט אייך גאָר נישט פאַר מיר, איך וועל שוין דאָס טון דאָס מייניקע. זי גייט צוועק.

---

* היטן.

## צווייטער אַרייַנקום

ר׳ גבריאל אַליין

פאַר איר כוח זאָל זי דאָס האָבן, וואָס זי וועט ביי אים אויס־פּאָרשן. רעדלעכן האָט זיך אויך גראָד דעמאָלט פאַרגלוסט אַהער צו קומען מיט הינדען זיך צו שפּילן! דאָ וועט שוין גאָרנישט העלפן: אַז זי האָט זיך איין מאָל איינגערעדט, אַז רעדלעך האָט זי באַגנבעט, איז שוין אַן עק. און אַז עס זאָל דאָ אַפילו שוין קומען דער נשיא פון בבל, וועט ער איר דאָס אויך שוין נישט קענען אויסרעדן. אַ רחמנות, כ׳לעבן! — זי וועט אים אַוודאי אָנטון געברוינטע לייד, ער וועט זיך דאָס נעבעך אַ קריעה רייסן. נאָר קיליקאָווער משפט*! איך מוז אָבער פאָרט זען אים עפּעס אַ טובה צו טון, איך מוז זי זען צו בעטן, אַז זי זאָל אים כאָטש נישט אָפּגעבן אין קרימינאַל אַריין. איך ווייס אָסור נישט, וואָס מען הייבט דאָ אָן מיט אים צו רעדן! נאָר עס וועט דאָך זיין אַ קערמעש**. זי מיינט, אַז פון ר׳ יוחננס וועגן האָב איך דאָס געהייסן אָנגרייטן אַ שוועך***. ניין, ניין, איך אַליין, נעבעך, באַדאַרף די מעשה! גבריאל, מאַך זיך אַ האַרץ!

## דריטער אַרייַנקום

ר׳ גבריאל, ר׳ יוחנן, חיים מיט אַ לאַנטער, אַ פלאַש מעד און צוויי גלעזער

**ר׳ יוחנן** — גוטן אָוונט אייך, ר׳ גבריאל!

**ר׳ גבריאל** — גוטן אָוונט, גוט יאָר, ברוך־הבא, ר׳ יוחנן!

**ר׳ יוחנן** — צו חיימען גיי־זשע און רוף אים אַריין און זאָג אים גאָרנישט, ווער עס רופט אים. הערסטו?

---

* אין קוליקאָוו, ביי לעמבערג, האָט מען אַ שוסטער פאַרמשפּט צו ווערן אויפגעהאָנגען, אָבער אַזוי ווי אין שטעטל איז געווען בלויז איין שוסטער, דאַקעגן זיינען געווען צוויי שניידערס, האָט מען אַנשטאָט דעם שוסטער אויפגעהאָנגען אַ שניידער. — ** שמחהלה. — *** משקה.

**חיים** — גייט אַוועק גוט.

**ר׳ יוחנן** — דעם משא־ומתן*, אַט אַ פּנים, האָב איך איך צו פאַרדאַנקען. איר האָט דאָס געמוזט נאַראַיען**, מען זאָל שיקן נאָך מיר.

**ר׳ גבריאל** — ווער, איך? אָסור! איך וויס מער נישט, סערקע האָט מיך געשיקט אַהער רופן, און ווי איך בין געקומען, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט שוין נאָך אייך אויך געשיקט, אַז מיר זאָל׳מיר דאָ זען ביידע ביי רעדלעכן אויסצופאַרשן, אויב ער האָט איר קעסטל צירונג גענומען; און ס׳אַנדערע, וואָס אַרט אייך דאָס? אַט, מעד איז דאָ גענוג.

**ר׳ יוחנן** — יאָ, דאָס איז שוין רעכט. ער זעצט זיך און גיסט אָן ביידע גלעזער נאָר נאָך וואָס האָט מיר דאָס געטויגט? איך זאָג אייך דעם אמת, עס וועט די גאַנצע שטאָט פאַרדריסן, מען זאָל פּלוצ־לינג נעמען אַן ערלעכן יונג און אים מאַכן פאַר אַ גנב. קומט מיין שמועה אַפיר, איך קום אויך הי אין נגידישע הייזער אַריין און האָב אים עטלעכע מאָל געהערט לויבן פאַר אַן ערלעכן סטודענט. אַפילו ר׳ דוד, עליו־השלום, האָט זיך אַמאָל אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז ער וויל אים גאָר נעמען פאַר אַן איידעם, איך האָב מיך דע־מאָלט געריכט אַ סך שדכנות צו פאַרדינען.

**ר׳ גבריאל** — נו, עס איז דאָך אָבער שוין פאַרפאַלן. גלייבט מיר, אַז די גאַנצע מעשה איז מיר אַליין אויך נישט ניחא, און איך האָב, כ׳לעבן, חרטה, וואָס איך האָב דער מחותנתטע גאָר צוגעזאָגט מיך צו פאָרען אַרום דעם עסק, נאָר מיר זיינען דאָך שוין אין דער אַרבעט, מען קען דאָך עס שוין נישט בעסער מאַכן. ער טרינקט לחיים, ר׳ יוחנן!

**ר׳ יוחנן** — לחיים ולברכה! ער טרינקט קיין חיות נישט פון אַ גלעזל מעד.

---

* געשעפטל. — ** רעקאָמענדירן.

## פערטער אַריינקום

ר׳ יוחנן, ר׳ גבריאל, רעדלעך, צוויי שמשים פירן אים

**רעדלעך** — וואָס וואָלט איהר פאַן מיר? וואָהין פיהרט איהר מיך?

**ר׳ יוחנן** — האָב נאָר גאָר קיין מורא נישט, אונדז וועל׳מיר דיר דאָ גאָרנישט טון. צו די שמשים און עץ גייטס אייך צוריק אַריין; אַז מען וועט אייך דאַרפן, וועט מען אייך שוין אַריינרופן.

**שמשים** — גייען אַוועק.

**ר׳ גבריאל** — צו רעדלעכן. זעצט אייך אַנידער. צו ר׳ יוחנן ווי געפעלט אייך דער משרת, דער שוטה! נאָר צוויי גלעזלעך האָט ער אַריינגעבראַכט! ער טרינקט אויס זיין גלעזל מעד, גיסט ווידער אָן און גיט רעדלעכן טרינקט אַ גוט גלעזל מעד!

**רעדלעך** — איך דאַנקע איהנען, איך טרינקע קיינע גייסטיגע געטרענקע *.

**ר׳ גבריאל** — נישקשה, טרינקט, טרינקט, איר שטודירט דאָך דאָקטעריי, עס מוז דאָך ביי אייך אין די ביכער אויך שטיין געשריבן, אַז מעד איז זייער אַ געזונטע משקה?

**ר׳ יוחנן** — נו, וואָס נייט איר אים דאָ? קומט מיין שמועה אַפיר, פרעגטס נישט דעם רופא נאָר דעם חולה: מיר צו מיינע מע־רידן, ווייס איך, מאַכט דער מעד זייער גוט, פונדעסטוועגן האָב איך פיינט, אַז מען נייט מיך, איך זאָל דווקא טרינקען. ער טרינקט.

**ר׳ גבריאל** — צו זיך אין דער שטיל — אָסור, אויב איך ווייס, וואָס איך זאָל דאָ גאָר אָנהייבן צו שמועסן. ער טרינקט **.

**ר׳ יוחנן** — צי דאַכט זיך מיר, איך האָב דיך אַמאָל געזען אויבן ביי ר׳ יצחק רויטפעלד?

**רעדלעך** — מעגליך.

**ר׳ יוחנן** — פלעגסטו דאָרט אָפט אַריינצוקומען?

---

* הייסע געטראַנקען, אַלקאָהאָל. — ** דער דאָזיקער רעפּליק, וואָס פעלט אין מ. וויינרייכס ווערסיע פון 1925, געפינט זיך אין דער וואַרשע־ווער אויסגאַבע פון 1875.

**רעדלעך** — ווען עס מיר די צייט ערלויבטע.

**ר׳ יוחנן** — דו האָסט דאָרט עמעצן געמוזט געבן אַ שעה?

**רעדלעך** — ניין.

**ר׳ יוחנן** — וואָס דען ביסטו דאָרט געוועזן פאַר אַ מחותן?

**רעדלעך** — ער איזט מיט מיר אויס איינער שטאָדט אונד איזט צוגלייך מיין בעסטער פריינד.

**ר׳ יוחנן** — דיין פריינד? אָך איז מיר! ר׳ יצחק רויטפעלד — דיין פריינד? ווי קומסטו צו אים? דו רעדסט דאָך עפּעס נאַרישקייט! ער איז אַ גרויסער עושר און פון שיינע לייט דערצו, כאָטש ער גייט דייטש — מילא, ווי קומסטו צו אים?

**רעדלעך** — ער פלעגט מיט מיינעם זעליגען* פאַטער אין דער אינטימסטער פריינדשאַפט צו לעבען אונד איזט עס נון מיט מיר.

**ר׳ יוחנן** — דיין טאַטע האָט געהייסן זעליג?

**רעדלעך** — מיין פאַטער וואַר ר׳ סאַלאָמאָן רעדליך אויס פּראַג.

**ר׳ יוחנן** — ר׳ זלמן רעדלעך פון פּראָג? — איך האָב אויך אַמאָל פּסח געהאַלטן אין פּראָג ביי איינעם ר׳ זלמן רעדלעך, נאָר, קומט מיין שמועה אָפּיר, אין רויטע קו איז פּאַראַנען? מסתמא האָבן דאָרט געמוזט זיין צוויי ר׳ זלמן רעדלעכס; וואָרן דער, וואָס איך האָב ביי אים געגעסן פּסח, איז געוועזן אַ גרויסער גביר, אַ גרויסער אַדיר, און צו דעם זייער אַ כשרער ייִד, כאָטש ער איז געגאַנגען דייטש. איך האָב מיר דאָרט ביי אים געהאָט אַ קינצלעכן יום־טוב! די מאכ־לים! די משקאות! עס איז עפּעס געווען אין איטלעכן טויזנט טעמים, און אַלץ אין זילבערנע כלים! איך געדענק אַזוי ווי היינט, מען האָט דעם אַנדערן טאָג פּסח אין דער פרי אויפגעגעבן אויפן טיש אַ צימעס — דאָרט אין טיף־דייטשלאַנד רופן זיי עס אָן אויף דייטש „אַ צאָ־מאָס“ — קען איך בנאמנות שווערן, אַז דער טעם ליגט מיר נאָך אין מויל. און ווער שמועסט נאָך דעם עסן, האָט דער מענטש אַ ביסל אָנגעהויבן צו שיטן מיט תורה, מעגט איר מיר גלייבן, קומט מיין

* הייליקן (הייליק זיין אַנדענק).

שמועה אַפּיר, מען קען דאָך נישט אַלץ אַזוי געדענקען, אָבער איך זאָג אײַך, איך בין גאָר נבהל ונשתומם געוואָרן — עס איז עפּעס געווען מתוק מדבש! ער טרינקט.

**ר׳ גבריאל** — צו זיך אין דער שטיל דער טעם פון דעם צאָמאָס ליגט אים נאָך אין מויל, און די תורה קען ער נישט געדענקען!

**ר׳ יוחנן** — און איסרו־חג, צום געזעגענען, האָב איך נאָך געקריגן זייער אַ פיינעם צידה־לדרך; איך זאָג אײַך, איך האָב פון דעם ר׳ זלמן אַזוי מקבל תענוג געווען, וואָס איך קען אײַך גאָר נישט דערציילן אַזוי פיל. מילא, אַז דו ביסט יאָ אַ פרעגער, האָסטו דאָך אים געמוזט קענען? זיין ווייב האָט געהייסן לאה. זי מעג הייסן לאה, וואָרן אַזוי אַ צנועה, אַזוי אַן אשה כשרה איז גאָר ביי אונדז נישט בנמצא — האָסטו זיי געקענט?

**רעדלעך** — ווישט זיך אויס די אויגן און וויינט אָ, ליידער זינד זי ביידע ניכט מעהר.

**ר׳ יוחנן** — אַזוי? זיי זיינען גאָר אַרויס פון פּראָג? עס איז מיר אַפילו אַ גרויס חידוש. — צו האָבן זעלכע נחלאות אין אַזוי אַ גרויסער שטאָט ווי פּראָג איז, און זיך פּלוצלינג גאָר פון העלער הויט אויסצוציען? ווו ווינען זי אַצינד?

**רעדלעך** — וויינט זייער שטאַרק און ווייזט מיט דעם פינגער אַרויף צום הימל דאָרט, וואָ יעדער אונטערשיד אויפהערט, דאָרט, וואָ יעדער נאַך וואַהרען פּערדינסטען בעלאָהנט ווירד; דאָרט, וואָהין, די וועלטליכען גיטער היר צוריקלאַססענד, יעדער מענש וואַנדערן מוס.

**ר׳ יוחנן** — וואָס? ר׳ זלמן איז געשטאָרבן? ברוך דיין אמת! אָ, וואַ! אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, כ׳לעבן! אַ כשרער ייד געווען. און לאה אויך? — דאָס הייסט אַ צרה, רחמנא ליצלן. ער איז זיך אַ ביסל מיישב מילא, זאָג־זשע מיר נאָר, איך בעט דיך, עס האָט עפּעס געמוזט איבערבלייבן אַ בחורל נאָך זיי? קומט מיין שמועה אַפּיר, איך דערמאָן מיך נאָך אַזוי ווי היינט, איך האָב דאָרט געזען זייער אַ שיין יינגעלע ביים טיש זיצן — ווו איז עס, נעבעך, אַהינגעקומען?

**רעדלעך** — ווישט זיך אויס די אויגן אָ, דיזעס בחורל האָט ניכט נור אַלליין זיינע בראַפע, ליבענסווירדיגע עלטערען, זאָנדערן אויך איהר גאַנצעס הינטערלאַססענעס פערמעגען דורך פערשידענע אונגליקספעללע פערלאָרען אונד שטעהט יעצט אויף דען פונקט אויך זיינען גוטען רוף צו פערלירען.

**ר׳ יוחנן** — וואָס? דאָס פאַרמעגן האָט ער איינגאַנצן אָנגעווירן? איך בין אַוועק, אַזוי אַן עשירות! אַזוי אַ האָב, ווי אין דעם הויז האָט געשטעקט! אָ, וואַ! ווייסטו, איך פלאַץ שיער פאַר עגמת־נפש! ער טרינקט מילא, זאָג מיר נאָר, זאָלסט מיר געזונט זיין, ווער איז דאָס דער גוטער רב, וואָס דו זאָגסט עפּעס, אַז דער קליינער וועט אים פאַרלירן?

**רעדלעך** — איך רעדע היר פאָן קיינען רב, זאָנדערן פאָן דען גוטען רוף, דאַס הייסט, פאָן דען שם טוב, דען דער יונגע רעדליך יעצט פערלירען זאָלל.

**ר׳ יוחנן** — דעם שם טוב מיינסטו? דערצייל מיר נאָר, איך בעט דיך, ווי אַזוי פאַרלירט מען דאָס אַ שם טוב? ער טרינקט.

**ר׳ גבריאל** — טרינקט אויך פונדעסטוועגן באַדאַרפט איר נישט אַזוי צו וויינען, מיין ליבער ר׳ רעדלעך, וואָרן מאַלע עס שטאַרבט אין שטאָט אַן עושר אָדער אַ שיינער ייִד, פונדעסטוועגן יאָמערט מען גאָר נישט אַזוי שטאַרק.

**רעדלעך** — הערען זי ערשט, דאַן ווערדען זי צו אורטיילען וויססען. דיזער ר׳ סאַלאַמאָן רעדליך זאַמט זיינער פרוי לאה זינד, נאַכדעם זי צוויי יאַהרע בעשטענדיג קראַנק וואַרען, אין איינעם מאָנאַטע געשטאָרבען. נאָך וועהרענד איהרעס לעבענס ערבטען די בעריהמטעסטען ערצטע אונד אַפּאָטהעקער די איינע העלפטע איהרעס פערמעגענס, זאָ ווי די אַדפאָקאַטען די אַנדערע העלפטע נאַך איהרעם טאָדע, אונד איהר צוריקגעלאַססענעס בחורל ווארדע גענעטהיגעט צו דער מילדטטעטיגקייט איינעס פרעמדען, נאַמענס ר׳ דוד גוטהערץ, דער איין אַלטער בעקאַנטער זיינער עלטערען וואַר, זיינע צופלוכט צו נעהמען. דיזער ר׳ דוד נאַם זיך דיזעס קינדעס אַן אונד פערטראַט

בײ דיזעס די פאַטערשטעללע. אַלס אַבער דער קעלך* דער לײדען נאָך ניכט צום איבערפליסען פאָלל װאַר, זאָ געפיל עס דער פאָרזעהונג, איהן מיט דען טהײערסטען זײנער יעצטיגען קאָסטבאַרקײטען צו ערפולללען: בעהמליך, דיזער ר׳ דוד גוטהערץ שטאַרב פלעצליך אויף זײנער רײזע נאָך אַמעריקאַ אונד זעטצטע זײנע שװעסטער סערקעלע אַלס אוניװערזאַל־ערבין זײנעס גאַנצען פערמעגענס אײן. נון, מוסטע דיזער אײנציגע זאָהן דעס ר׳ סאַלאָמאָן רעדליך זײן שטיקכען בראָט מיטטעלסט לעקציאָנען געבען מיהזאַם פערדינען. אײנע דיזער לעקציאָנען האַטטע ער בײ געגנאַנטער סערקעלע צו געבען... ער גיט זיך פלוצלינג אַ שטעל־אויף פאַר ר׳ יוחנן אונד שטעהט יעצט פאָר איהנען, פאָן דיזער סערקעלע אײנעס שענדליכען דיבשטאַהלס** בעשולדיגט. ער װײנט.

**אַלע** — בלײבן זיצן אַ פּאָר מינוטן גאָר שטיל.

**ר׳ גבריאל** — מילא, האָט דאָך עפּעס אַ פּנים, אַז איר אַלײן זײט דאָס ר׳ זלמנס זון?

**ר׳ יוחנן** — װאָס? דו ביסט דאָס ר׳ זלמנס בן־יחיד?

**רעדליך** — לײדער בין איך עס זעלבסט. ער װײנט און פאַרהאַלט זיך דאָס פּנים מיט אַ פאַטשײלע.

**אַלע** — בלײבן װידער זיצן אַ פּאָר מינוט שטיל.

**ר׳ גבריאל** — צו זיך אין דער שטיל גבריאל! געדענק אָן דיר אַלײן, למען־השם, מאַך דיר אַ האַרץ! ער טרינקט דער מעד איז זײער גוט, טרינקט, ר׳ יוחנן!

**ר׳ יוחנן** — טרינקט צו רעדלעכן לחיים, ר׳ זלמנס זון! ער טרינקט אויס, גיסט װידער אָן און גיט רעדלעכן טרינק, כ׳לעבן, אַ גלעזל מעד, טרינק, טרינק, װעסט אַ הנאה האָבן, דער מעד איז אַ ביסל מחיה, טרינק, איך בעט דיך.

**רעדליך** — איך דאַנקע איהנען, איך טרינקע װאַרהאַפטיג קײנע גײסטיגע געטרענקע.

* בעכער (פון „קעלך" קומט געװיס „קעלישיקל", אַ גלעזל, אַ קעלישיקל װישניק, בראַנפן). — ** גנבה.

**ר׳ יוחנן** — נו, קומט מיין שמועה אפירּ, עס איז תמיד זייער גוט, אז מען צעשמועסט זיך א ביסל. זאָג־זשע מיר איצט אָבער, אדרבא, אז דו ביסט יאָ ר׳ זלמנס זון, אז איך האָב יאָ געקענט דיין טאַטן און דיין מאַמען — פון וואַנען קומט דאָס, אז דו זאָלסט אַזוי אַ נישט שיינע זאַך טון? מאָל דיר, דו האָסט דאָך אוודאי אַמאָל גע־מוזט לערנען חומש און ווייסט דאָך, אז עס שטייט ביי אונדז אין דער הייליקער תורה אָנגעשריבן „לא תגנוב״? קומט מיין שמועה אפיר, דאָס איז דאָך עפּעס גאָר קיין שטייגער נישט, און אז עס גייט שוין אַ מענטש יאָ אַ מאָל שלעכט, מוז ער שוין פאַר דאָס ווערן אַ גנב?

**ר׳ גבריאל** — אוודאי איז אמת, שיקט זיך דאָס גאָר פאַר אַזוי אַ יונגן מאַן ווי איר זייט?

**רעדלעך** — הערען זי, מיין ליבער ר׳ גבריאל! איך זאָללטע אייגנטליך, איינדעם עס מיר זעהר גוט בעוווּסט איזט, דאָס אַללע מיינע וואָרטע פּרוכטלאָז בלייבען ווערדען, איהרע פראַגע אונבע־אַנטוואָרטעט לאַססען, דען איך וויס זעהר גוט, דאָס איהר אויס פאַר־אורטייל יעדען יידישען סטודענטען פיר איינען מענשען האַלטעט, דער יעדעס אונרעכט, יאָ זאָגאַר יעדעס לאַסטער, גאַנץ אָהנע גע־וויססענסביסע אויסצואיבען פעהיג זיי, אונד זאָללטע דאַרום שאָן מיינע וואָרטע שפּאַרען; אַלליין איזט יענע זעלבסטבעוווּסטהייט, דאָס מאַן פאַר דעם אַלמעכטיגען גאָטט מיט ריינעם געוויססען ערשיינען קעננע, אויך היגרייכענד געגוג, דעם קורצזיכטיגען מענשען פאָן זיי־נער אונשולד צו איבערצייגען. אונד איזט עס דען ניכט איינעס יעדען פפליכט, זיך אויך פאַר דיזעם צו רעכטפערטיגען, אונד, ווי ווייט מעגליך איזט, צו פערטיידיגען? אַלזאָ, מיין ליבער ר׳ יוחנן, נור דיזע פפליכט אַלליין איזט עס, וועלכע מיך דאַצו נעטיגעט, היר אָדער אין דער הייליגען שולע ביי אַללעם, וואָס נור הייליג איזט אין דער וועלט, אין געגענוואַרט דעם היזיגען עהרענווערטען ראַבינערס מיט־

דעטע לייט, מענטשן וואָס זוכן וויסן, און גוטהערציקע זייַנען זיי און זייַנען אויך שלום מיט מיר פון שטענדיק אָן. פרעג איך, וואָס האָבן זיי אייַנגעזען מיר אַזאַ בייז צו טון? מיין בוך איז ריין פון יעדער אומרעכט, און אויב עס געפינט זיך דאָרט עפּעס אַ זינד, זאָלן זיי מיר געבן צו פאַרשטיין אין וואָס איך האָב געשולדיקט, און איך וועל עס אָדער אויסמעקן פון בוך, אָדער פאַרריכטן דאָס ניט ריכטיקע, אָבער קיין אויסרייד לאָזן זיי נישט זוכן! — דו האָסט מיר אויך נישט צו וויסן געגעבן, ווי גרויס ס'וועט זיין די צאָל עקזעמפּלאַרן פאַר די פערציק רובל, וואָס דו האָסט מיר געשריבן איך זאָל דיר שיקן".

די באַמערקונגען וועגן די פערציק רובל ווייזן, אַז עטינגער האָט נאָך געהאָפט אָפּצושרייַען די גזירה פון דער צענזור און אַז ער האָט שוין געזען פאַר די אויגן זיין ציל — אָפּצודרוקן זייַנע ווערק — פונקט ווי דערגרייכט. געענדיקט האָט זיך דאָס אָבער ווידעראַמאָל מיט גאָרנישט... מעגלעך, אַז די נייַע דאגות, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט אויף עטינגערן, האָבן אים גע־צוווּנגען צו פאַרגעסן וועגן דעם לוקסוס פון שרייַבעריי.

יודאַ אַ. יאָפֿע

# קאַטאָוועס צי כתבות?*

שוין כמעט פֿינף הונדערט יאָר ווי יידישע מחברים, שפּראַכפֿאָרשערס און סתם מענטשן מיט בויך־סבֿרות, גריבלען זיך אין דער זאַך, ווּיצלען זיך און קיבעצן איינער דעם אַנדערן און יעדע נייע השערה איז געווייִנטלעך ווילדער פֿון די פֿריערדיקע. אַרום דעם וואָרט האָט זיך שוין אָנגעקליבן אַ גאַנצע ליטעראַטור, נאָר זי איז צעזייט און צעשפּרייט אין טוצן ביכער און צייטונגען, און עס איז פּשוט צייט צוזאַמענצוברענגען דעם ביז־איצטיקן מאַטעריאַל אין איין אָפּהאַנדלונג, אים גוט אויסזיפּן און מאַכן אַ סך־הכּל פֿון די עלעמענטן וואָס האָבן אין זיך אַ ווערט און אָפּוואַרפֿן דאָס וואָס איז ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן.

## דער אויסלייג

1) אויסערלין (געשטאָרבן 1460) לייגט אויס כ ת ב ו ת (זע: צונץ, „ליטטעראַטורגעשיכטע דער זינאַגאָגאַלען פּאָעזיע“, בערלין, 1865, ז' 497).

2) אָבער אין „לקט יושר“ פֿון איסערלינס תּלמיד, ר' יוסף ב"ר משה (געשריבן אָדער פֿאַרענדיקט אין 1470 און אָפּגעדרוקט צום ערשטן מאָל אין בערלין, 1903), שרייבט דער מחבר: „בכל הנכה עשה קטפּות ומקצת בחורים מן הסוגיא שלמדו תו' על הנכה... ויש לי קבלה מן הגאון ז"צ"ל לכתוב [התיבה מן] קטפּות בזה האותיות [לאַפּוקי מאותן הכותבין כתבות]“. (חלק אורח חיים). דאָס מיינט: אַלע חנכּה האָט ער געמאַכט קטפּות [מיט] עטלעכע בחורים אַף דער סוגיא פֿון חנכּה תּורה... און איך האָב אַ קבלה פֿון גאון ז"צ"ל צו שרייבן [דעם וואָרט פֿון] קטפּות אַזוי [מיט דער אויסנאַם פֿון די וואָס שרייבן כּתבות].

---

* „פּנקס“, פֿערטליאָריקער זשורנאַל פֿאַר יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, שפּראַכפֿאָרשונג, פֿאָלקלאָר און ביבליאָגראַפֿיע, אַר' אַמעריקאַנער סעקציע פֿון ייוואָ, ניו־יאָרק 1927; זז' 129—134.

3) דער מהר״ם, משה ס״ל מינץ יצ״ו ממעגנגץ (מיטן פון 15טן יאָר־הונדערט), שרייבט אין זיינע שאלות־ותשובות (צוערשט געדרוקט אין קראָקאָ, 1617), סימן מ״ג, ז׳ נ״ח ב: הקטפים והדרשנים אומרים זה (ווערט אויך געציטירט אין ש״ך יורה דעה הלכות מילה סימן ר״סה סעיף קטן כ״ג).

4) אַרום מיטן זעכצנטן יאָרהונדערט (1541) האָט דער גראַמאַטיקער און שריפטשטעלער אליהו בחור (1469—1549) אָפּגעדרוקט זיין ספר „תשבי״, וווּ ער זאָגט (שרש כתב), אַז דאָס רוב עולם שרייבט ניט כתבות, נייערט מיט אַ גרייז כטוב, כטובות, ווי אין וואָרט טוב.

5) אין דער זעלביקער שטאָט איזני און סך־הכל מיט אַ יאָר שפּעטער (1542) איז געוועזן געדרוקט דער ערשטער יידישער בוך וואָס מיר פאַרמאָגן הייַנטצוטאָג, דער באַוווסטער „ספר מידות״. דאָרט געפינען מיר אונדזער וואָרט עטלעכע מאָל, אויסגעלייגט אויף איין אופן: כטובות, אַזוי ווי אויף להכעיס אליהו בחורן: אַז איין כטוב דער אל מול כטובות טרייבן קאַן (ז׳ 10ב); אודר זאָל ניט אים כטובות צו אים (ז׳ 58ב); אונ׳ אוי וויא איז צו שרייען אויבר דיא לוייט דיא איר קינדר לערנן אין איר יוגנט כטובות אונ׳ הבלי עולם אונ׳ לערנען זיא ניט תורה... איין מלמד זול נט כטובות טרייבן מיט זיינן תלמידים״ (ז׳ 98ב) [אָפּגעקאָפּירט פון דעם וווּנדער־שיינעם עקזעמפּליאַר פון ספר מידות וואָס מע האָט ניט לאַנג אָפּגעזוכט אין ניו־יאָרקער עפנטלעכער ביבליאָטעק אין זייער אינטערעסאַנטע אומשטאַנדן].

6) דער „צוכט־שפּיגל״ („מראה המוסר״, פראַנקפורט אַם־מיין, 1680) שרייבט: עז מאַכט אך (= אויך) דעם מענשן זער אן גינעם. ביי אידר מאַן דא זעלבי קטבות קעם. ביי חתונות און ברית מילה אודר וואז פר שמחה דז ער ווער אויש געבן זעלכי קטבות דער צייט גרושי ער (ז׳ 2א); דרום ביט איך אייך שרייבט מיר ניט אַז פר חובות. ווען איך שוין צו צייטן ריד (=רייד) איין כטבות (ז׳ 2ב) דען שימפף (=שפּאַס) און ערנשט שטיט וואר בייא אלין זאַכין״.

אין ביבליאָטעק פון ניו־יאָרקער יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר איז דאָ אַ ביכל (אָן דרוק־יאָר, קענטיק פון סוף 18טן אָדער אָנהייב 19טן יאָר־הונדערט, זע: שטיינשניידער, „פורים אונד פּאַראָדי״, ז׳ 364), וווּ עס שטייט אויפן שער: בע״ה חנוכה כתבית, וגם מילי לבדיחתא *.

7) אין זייער „אידיש ווערטערבוך״, אונטערן וואָרט קאַטאָוועס (ז׳226); ווייזן ספּיוואַק און יהואָש אָן אויף כתבות, ווו זיי זאָגן (ז׳ 127) שפּאַס, שפּאַסנמאַכעריי. איך כתבות „אין שפּאַס״; מיט דעם מלאך המות מאַכט מען

---

* עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז שטיינשניידער זאָגט: „איך האָב געפונען די אָרטאָגראַפיע [כתבות] אין „לקט יושר״ (?).

ניט קיין כתבות (שפּור), זע: קאַטאָוועס, — דאָס הייסט, זיי פאַררופן זיך צוריק אויף קאַטאָוועס (ז׳ 228). ספקות האָבן זיי, קענטיק, יאָ געהאַט צווישן דעם העברעישן אויסלייג און דעם פשוטן אויף יידיש.

8) ביי ליפשיצן, „רוסיש־יידישער ווערטער ביך" (קיעוו, 1881), געפינען מיר דורכויס קאַטאָוועס (ז׳ 171) — טרייבן קאַטאָוועס, קאַטאָוועס־טרייבערין, דער קאַטאָוועס, קאַטאָוועסדיק, וואָס טרייבט קאַטאָיועס, קאַטאָוועס־מאַכער. אין זיין „יודעש־רוסישער ווערטער ביך" (זיטאָמיר, 1876), אויכעט: קאַטאָוועס, טרייבן קאַטאָוועס, קאַטאָוועס־טרייבער (ז׳ 181). בן יעקב, „רוסיש־העברייאיש־זשאַרגאָן וואָרטערבוך" (ווילנע, 1904) פאַרצייכנט אַ קאַטאָוועסניק (ז׳ 1004). אין דוד הלוי הורוויצס „ספר המלכים זשאַרגאָני עברי" (יודישער לשון־קודשער ווערטער־בוך", (אַדעססאַ, 1903), ז׳ 81, געפינען מיר קאַטאָוועס, קאַטאָוועס־טרייבער.

9) איגנאַץ בערנשטיין, „יודישע שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן", וואַרשוי, 1908, האָט די שפּריכווערטער: אַ קאַטאָוועס איז אַ האַלבער אמת; פון קאַטאָוועס קומט קיין גוטס ניט אַרויס (ז׳ 225); גאָט פאַרשטעהט ניט קיין קאַטאָוועס (73, גאָט, ז׳ 47); זכות־אָבות איז קיין קאַטאָוועס (ז׳ 100); מיט דעם מלאך־המות טרייבט מען ניט קיין קאַטאָוועס (5, מלאך־המות, ז׳ 161); מיט אַ נאַר טאָר מען קיין קאַטאָוועס ניט טרייבן (66, נאַר, ז׳ 176).

ווי מע קען זען, האָט אונדזער איצטיקער אויסלייג קאַטאָוועס הינטער זיך אַ כסדרדיקע טראַדיציע פון קאַרגע 500 יאָר פאַר די אותיות „ק" און „ט" אין דעם וואָרט.

און פאַראַלעל מיט דער דאָזיקער לאַנגער טראַדיציע גייט די זוכעניש פון זיין אָפּשטאַם.

## דער אָפּשטאַם

די וואַקלענישן אין אויסלייג זיינען נאַטירלעך געקומען פון דעם, וואָס פאַרשיידענע מחברים האָבן געהאַט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן דעם שורש פון וואָרט. עס איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז מע האָט דאָס רוב געזוכט אין העברעיש אָדער די פאַרוואַנדטע סעמיטישע (כאַלדעיש־אַראַמיש און סיריש) שפּראַכן און נאָר אין די לעצטע 80—100 יאָר האָבן זיך דערהערט שטימעס פאַר אַנדערע ניט־סעמיטישע שפּראַכן.

### I סעמיטישע טעאָריעס

1) אליהו בחור (1541) זאָגט: „כתב... מיינט סופר, אַ שרייבער, ווילע אין פאַרצייטיקע טעג האָבן די וויצלינגען און די משלים־שרייבער אויפגע־

שריבן אַנאָנים זייערע ווערטער אויף די טירן פון גבירישע הייזער אָדער אין די רוישיקע גאַסן פון רוים, כדי מע זאָל ניט וויסן ווער דער שרייבער איז. און אַזוי איז דער מנהג ביז היינט אין רוים, און אָט די זאַכן רופט מען כתבות. (פגל׳ מ. ווײַנרייך, „שטאַפּלען״, ז׳ 81). און ר׳ יעקב עמדן אַשכנזי — יעב״ץ (1776—1697) אין „מגדל עז״, אלטונא, תק״ח, (ספר־שלישי), זייט שכ״ט (עליית הכתיבה) קאָמענטירט איבער אליהו בחור אַזוי: „עוד רע נמצא בכתיבה, כענין שכתוב ומכתבים עמל כתבו, והוא מה שקורין ההמון כתבות לכתבי עמל ואון של הולכי רכיל, בעלי שחוק וליצנות לעג מרבה להכיל, העוסקים בנתינת דופי ופגם, בכשרים יתקלסו בם זו לעגם, מושכים בשבט סופר ידיהם את לוצצים, ומטילים בעיני הנכבדים קוצים, והיה במחשך מעשיהם ובסתר, בל יודע הממציא אותם כתבי כזבי פלסתר (עיין ס׳ תשבי) שכן הוא מנהג ברומה משני׳ קדמוניות, ונקראין פאסק״וויל בלע״ז על שם הצורה הנעשית לתכלית זה, בה מדביקין בלילה מה שנכתב ביום ונחתם״...

2) אין נײַנצנטן יאָרהונדערט הייבט צונץ אויף די פראַגע ווידער. ער זאָגט, אַז כתב האָט געמיינט „דיכטער, עפּיגראַמאַטיסט״ אין 13טן יאָרהונ־דערט, „איבערשרייבער״ אין 14טן, און כתבות — „שערץ, רעטזעלשריפט״, און ווייזט־אָן אויף איסערלינען (1440) און דערמאָנט אויכעט, אַז ר׳ יוסף ב״ר משה (1470) הייסט שרייבן קטפות („ליטעראַטורגעשיכטע...״, בערלין, 1865, ז׳ 497). פגל׳ אויך זיינע „גאָטעסדיענסטליכע פאָרטרעגע״, ז׳ 440.

3) ד״ר ב... ל (ליטעראַטורבלאַט דעס אָריענטס״ לייפּציג, 1848, ז׳ 556, דאַרף זיין 558), לאַכט זיך אויס פון צונצן, אַז פאַר אים איז אַ „רעט־זעל״ פון וואַנען צונץ האָט גענומען דעם אויסלייג, די אָפּשטאַמונג און דעם טייטש „רעטזעל״ (רעטעניש). ער דערמאָנט נאָך אַן אַנדער דערקלערונג: גדפית פון גדף „לעסטערן, שערצן״, גדפן „פּאָססענמאַכער״ (שטיפער, פּאַ־יאַץ), נאָר דאָס געפעלט אים אויך ניט, און שלאָגט־פאָר אַ גריכישן וואָרט.

4) אין דער זעלביקער צייטונג (דעצעמבער, 23, ז׳ 805) גיט ד״ר ב... לן אַ בייזע לעקציע אַן אַנדער דאָקטער, ב. בעער, ווייל ער פאַלט אַריין אין דעם זעלביקן טעות ווי אליהו בחור (שרייבן אַ „כ״ פון אָנהייב), און מוסרט אים אַז שרייבן דאַרף מען קטבות „שניידענדע רעדן, שטיכרעדען״, פון כאַלדעיש און אַראַביש קטב—שניידן.

5) אברהם טענדלוי דערמאָנט דעם „תשבי״ און אויך גדוף, גדופה, „שמעהען, לעסטערן״. אין זיין אויסלייג (פראַנקפורטער יידיש!) שרייבט ער:
"Chanje (chanukah)—Ketoowes"; "Dos is e Katef" (auch: Baal-Katef) Spassvogel, Witzling. (Abraham Tendlau, Sprichwörter und Redensarten deutsch-jüdischer Vorzeit, Fkf. a. M. 1860, s. 52).

6) ריידנדיק וועגן פאַרשיידענע השערות אין זיין יידיש־דייטשער כרעסטאָמאַטיע (לייפּציג, 1882) לייגט ד"ר מאַקס גרינבוים פאָר נאָך איינע: חטב, הטיבה, וואָס מיינט אין גמרא „עטוואָס אָוסערלעזענעס, פיינעס" (ז' 491).

7) אלעזר שולמאַן דערציילט אין זיין „ממקור ישראל", ברדיטשוב, תרנ"ג (צווייטער באַנד), אַז דעם ייִנגל בערנען פלעגט מען רופן כתב, און זאָגט דערביי: „לויט מיין פריינט התורני וכו' ה"ר שעפּטיל איז דאָס דער תלמודישער וואָרט כדב, געפינט זיך אין תלמוד „מילתא דכדיבא" (ז' 13); „נאָך אַ קליינע השערה: לויט אונדזער מיינונג, איז דער באַגריף פון דעם וואָרט הורוד („שפּיצלאַך"), שטאַמט פון ענגלישן ווערב to cut, וואָס מיינט שניידן, שלאָגן אאַז"וו. וואָס פון אים נעמט זיך דער וואָרט כתבן (אָדער קאַטאָוועץ) אין יידיש־דייטש... דאָס הייסט, שלאָגן מיט ריטער, געבן מלקות". ווי עס האָט באַמערקט דער אויסגעצייכנטער שריפטשטעלער וכו' הרי"י וויסבערג, איז אין „הבקר אור", פערטער יאָרגאַנג [ז' 1242], וועגן דעם אויך געבראַכט געוואָרן, אין נאָמען פון הר"מ [=מיכאל] וואָלף, אַ השערה וואָס שטימט איין מיט הר"י שעפּטילס השערה (אויבן) אין דער גירסא כדיבות, אַז עס איז אַ סירישער וואָרט, ווילע דעם וואָרט כהתלות (ישעי' ל', י') פאַרטייטשט די פשיטא: כדיבותא. „און דער אויסקלייבער זאָל אויסקלייבן!" (ז' 137).

8) די ספּעציעלע חנוכה קאַטאָוועס באַשרייבט (אונטערן איניציאַל „ל") אין „איזראַעליט", (ז' 20, דעצ' 29סטן, 1910, פראַנקפורט); זיי זיינען דאָס רוב צאָלשפּילן, און דעם וואָרט פירט ער אַרויס פון קטף, אָפּרייסן, אָפּפליקן— קטופות, אָדער פון כתב—כתבות, אָדער כטובות „שניידענדע רעדן, שערצע".

9) אין דעם נומער פון יאַנואַר 12, 1911, ז' 12, פּאָלעמיזירט מיט אים איזאַאַק מ. מאַינץ. ער זאָגט, אַז מע האָט פון לאַנג אָן געזאָגט און געשריבן כדבות, וואָס קומט פון כאַלדעיש. אונקלוס זעצט איבער ותכחש שרה מיטן וואָרט: וכדיבת, אַזוי ווי עס איז געווען דערלויבט „אָפּצולייקענען" אין חנוכה־שפּילן. ער ווייזט ווייטער אָן, אַז דער וואָרט געפינט זיך ביי אלישע: אל תכזב בשפחתך — תרגום: ותכדיב.

(פגל' לעווים „כאַלדעישעס ווערטערבוך איבער תרגומים", לייפּציג, 1867, באַנד 1, ז' 354; זיין נויהעברעישעס אונד כאַלדעישעס ווערטערבוך" (לייפּציג, 1879) באַנד 2, ז' 294—295 און „ערוך השלם", באַנד 4, ז' 196, וווּ עס ווערן געבראַכט אַלע שטעלן איבער דעם וואָרט „כדב", „כדיבא", „כדבותא" אאַז"וו).

אַן ענטפער אויף מאַינצס בריוו האָט דער אויטאָר ל. אָפּגעדרוקט אין נומער פון פעב' 9, 1911 (ז' 12), ווו ער מאַכט חוזק פון מאַינצן און זיין

דרום־דייטשער אויסשפראך „קעדאוועס״. און ענדיקט מיט א שטאך: „דערי־בער, הייסט עס, אויב מע זאגט, אז קעטאוועס האט א פארבינדונג מקט כדב, אראמ׳ כדב, איז עס א „קעדאוועס״.

10) חנוכה־קאטאוועס פארנעמט א חשובן טייל פון ד״ר ש׳ ראפפאפארטס ארטיקל: „חנוכה שפילע דער יוגענד״ („מענארא״, דעצ׳, 1926, זז׳ 672—678, ווין—פראנקפורט א. מ.). ער מיינט, אז עס איז פארבונדן מיט קטף „פליקן, רייסן״, ווײלע ביים קאטאוועס־שפיל פלעגן זאצן, ווערטער אדער אותיות ווערן פונאנדערגעריסן און באקומען א נייעם באטייט״ (ז׳ 674).

11) אין דעם גלאססאר (ב. וו. זעגעלס ?) צום סוף פון איגנאץ בערנשטיינס „יודישע שפריכווערטער און רעדנעסארטן״, צווייטע אויפלאגע, ווארשוי, תרס״ח, ווערט די פראגע פון אפשטאם אפגעפטרט מיט די קורצע צוויי ווערטער: „עטימאלאגיע אונבעקאנט״. (ז׳ 32, ערשטער שפאלט).

12) כדי צו פארצייכענען די גאנצע ליטעראטור פון דעם ענין ווי ווייט זי איז מיר באקאנט, וויל איך נאך אנווייזן אויף:

a) M. Steinschneider, Purim und Parodie, S. 342; b) Dr. J. Perlés, Beiträge zur Geschichte der hebräischen und aramäischen Studien, S. 177 (München, 1884); c) Dr. M. Güdemann, Geschichte des Erziehungswesen....in Deutschland, III, 87 (Wien, 1888); d) Dr. A. Berliner, Aus dem Leben der deutschen Juden in Mittelalter, S. 23 (Berlin, 1900; e) J. L. Voorzanger en J. E. Polak, Het Joodsch in Nederland, S. 170 Amsterdam, 1915).

## וו ניט־סעמיטישע טעאריעס

1) דער פריער־דערמאנטער ד״ר ב... ל לייגט אליין פאר דעם שורש גדף „לעסטערן״, נאר ער זאל באלד נאכדעם:

aber auch dieses scheint unwarscheinlich zu sein. Am natürlichsten scheint es mir, dieses Wort von dem Griechischen **cottabus** abzuleiten."

די צרה מיט את־דער עטימאלאגיע איז, וואס דער ווארט, כאטש ער קלינגט טאקע זייער שטארק ווי אונדזער יידישער קאטאוועס, האט מיט אים נאך אלעמען גאר נישט צו טאן. ער מיינט א געוויסע, ספעציעל סיצילישע שפיל. זי איז געווען שטארק באליבט ביי די רייכע יונגעלייט (און אטען) וואס האבן געשכורט אויף שמחות. דער עיקר פון דער שפיל, וואס מען האט געשפילט אויף א סך אופנים, איז געווען קונציק א שליידער צו טאן פון דעם בעכער דעם ביסל וויין, וואס איז דארט געבליבן נאכן טרינקען,

אין אַ מעטאַלענעם בעקן אַריין. פון דעם ווי עס האָט אָפּגעקלונגען פלעגט דער יונגערמאַן וועלן דערוויסן ווי זיין געליבטע האַלט פון אים.

...ווי אַזוי אָט־די מאָדנע שפּיל האָט געקענט פאַרקריכן צו די יידן מיטן טייטש פון שפּיל אין אַלגעמיין, שפּאַס, שטיפעריי, קאַטאָוועס, קען איך בשום אופן ניט פאַרשטיין. אין דעם גרעסטן ענגליש־גריכישן ווערטערבוך (לידדעלל און סקאָטט, אָקספאָרד, 1901, ז׳ 837) געפינען זיך נאָר אָט־די פיר טייטשן: א) די שפּיל גופא; ב) דער פריז (פּרעמיע); ג) די ווייַן וואָס מע שלײַדערט; ד) דער טאַז.

...3) פריינד י. ל. זלאָטניק (דער פאָלקלאָריסט עלזעט, מחבר פון „דער ווונדער־אוצר פון דער יודישער שפּראַך״, וואַרשע, תרע״ח) שרייבט מיר אין אַ בריוו (פון אַפּריל, 1927): „אויב איך מעג זיך נאַריש מאַכן, וואָלט איך געזאָגט עס האָט אַ שייכות מיטן ענגלישן chetif; caitiff אין פראַנ־צויז״.

...4) דער גרויסער דייטשער היסטאָריקער און געלערנטער יאָסט (א חידוש פאַר אַ דייטשן יידן און נאָך אין יענע אַלטע צייטן!) איז גאָר אַוועק צו דער רוסישער שפּראַך און האָט דעם מקור פון קאַטאָוועס געפונען אין „גאָטאָוואָ״, מיינט פאַרטיק, גרייט, פאַרענדיקט, געענדיגט, ווילק. דאָס אַלץ יאָ, און נאָך אַזוינע זאַכן, אָבער ווי קומט עס צו קאַטאָוועס? דאָס איז באמת ווי מע זאָגט: „אַז מען דאַרף האָבן דעם גנב, שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה!״ (יאָסטס השערה דערמאָנט אלעזר שולמאַן, ז׳ 13, אָנמערקונג 6).

...5) נאָך אַן אַנדער סלאַווישן וואָרט דערמאָנט (פאַר אַ וווּנק, ניט פאַר אַן ערנסטער השערה!) האַרקאַווי אין זיין נייעם יידיש־ענגליש־העברעישן ווערטערבוך, אין אַ באַמערקונג צו קאַטאָוועס (ז׳ 438) — דעם פּוילישן וואָרט gadywac „ריידן, פּלוידערן״.

וויבאַלד מיר נעמען אָן די סלאַווישע אָפּשטאַמונג פון וואָרט קאַטאָוועס, ווערן מיט איין מאָל פאַרענטפערט אַלע קשיות וואָס פלעגן זיך שטעלן ווען מען האָט געוואָלט דערקלערן די עטימאָלאָגיע פון וואָרט אויף אַן אַנדער אופן. 1) עס ווערט פאַרשטענדלעך די אוראַלטע טראַדיציע פון אויסלייג מיט „ק״ און „ט״; 2) דער טייטש: „נאַרישקייט, שפּאַס, שטיפעריי, שקאָ־צעריי״ איז שוין דאָ אין דעם מקור־וואָרט; 3) די פאָנעטישע דערשיינונגען אין דער פאַרוואַנדלונג פון די סלאַווישע וואָקאַלן ביים איבערגאַנג אין יידיש זענען כולו אין איינקלאַנג מיט די פעסט־באַשטעטיקטע דינים פון יידישער שפּראַכוויסנשאַפט; 4) די אוראַלטע פּריצייטיקע באַרירונג צווישן די יידן און די סלאַוון דערקלערט אויף אַ נאַטירלעכן אופן, ווי אַזוי די יידן האָבן אַנטליען ביי די סלאַוון „קאַטאָוועס״.

## ד"ר א. קאַפּעל

# ד"ר שלמה עטינגערס „שרהקעלע" *

. . . „שרהקעלע" איז דורך און דורך אַ רעאַליסטישע קאָמעדיע. „די העלדין" שרהקעלע איז אַ לעבעדיקער מענטש פון יענער צייט. עס איז די פרוי פון דער מאַטריאַרכאַט־עפּאָכע ביי יידן. אין יענער צייט, ווען די יידישע פרוי איז, צום רוב, געווען די שפּייזערין, ווען זי איז געווען דער באַלעבאָס אין דער פאַמיליע, וואָס האָט געזאָרגט פאַר חיונה און האָט טאַקע אויסגעהאַלטן אַ מאַן, אַ בית־מדרשניק, און זיידענע קינדערלעך, האָט זיך אויסגעבילדעט אַ פרוי מיט אַ מאַנסבילשן כאַראַקטער.די פרוי איז דעמאָלט געשטאַנען אין לעבנסקאַמף. אין לעבנסקאַמף האָט זי אָפט מאָל פאַרלוירן איר פרויען־צאַרטקייט, איר ווייכקייט און אַפילו איר צניעות און ריינקייט. זי איז געווען אַ געשעפט־מענטש, האָט געשווינדלט, געבאָרגט, געליען און געדרייט אַ וועלט. זי איז געווען דער סוחר, וואָס ביי אים זענען כשר אַלע מיטלען, וואָס ברענגען אַריין געלט.

„שרהקעלע" איז דער סוחרישער מאַנסביל פון יענער צייט. זי האַנדלט, זי שווינדלט, זי מאַכט אַ פאַלשע צוואה און ווערט רייך.

דאָס ווייבערישע אין איר איז געפעלשט, ניט־עכט; איר צאַרטקייט, איר „שוואַכקייט" זיינען נאָר מיטלען צו פאַרדעקן די מאַנסבילישע האַרט־קייט און דעם מענערישן כאַראַקטער. שרהקעלע שפּילט בלויז די ראָלע פון אַ שוואַכער פרוי. דאָס איז איר באַקוועמער פאַר אירע טונקעלע געשעפט־קאָמבינאַציעס. זי פאַרהילט דעם טיגער, דעם אכזר, וואָס ליגט אין איר. שרהקעלע איז געזונט ווי אַ שטיין — און אויף טריט און שריט קרעכצט זי „אוי, מיינע כוחות"! אומעטום שטרייכט זי אונטער, אַז זי איז ניט מער

---

* „דער פנקס", יאָרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער ליטע־ראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע, ערשטער יאָרגאַנג, תרע"ב — 1912; רעדאַקטירט פון ש. ניגער, ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, זז' 46—48.

ווי אַ קראַנקע, שוואַכע פרוי — און דאַרף מיט אירע שוואַכע פרויען־הענט האַלטן די לייצעס פון אַ צערודערטער פאַמיליע.

שרהקעלע איז אין אמתן פאַרהאַרטעוועט און פאַרשטיינערט געוואָרן אינעם שטענדיקן לעבנסקאַמף. עס איז אין איר ניט געבליבן קיין שפור פון צערטלעכקייט און ווייכקייט.

די פרוי, די שטילע, ווייכהאַרציקע פרוי אין הויז, איז איר מאַן, ר' משה דאַנציגער. ער איז ווייט פון דעם לעבנסקאַמף, ער איז אויף קעסט ביי זיין פרוי, דער אשת־חיל, דער געשעפטס־פירערין. מען הערט אים ניט און מען זעט אים נישט אין הויז. אין זיין ווייבס געשעפטן האָט ער אַ קנאַפּע השגה: ער ווייסט נאָר פון דער פאַלשער צוואה. ער ווייסט פון דעם, און עס פייניקט אים, עס נאָגט אים עפּעס טיף אין האַרצן. שטיל, פאַרטרויערט, גייט ער אַרום, און דער פאַרברעכן פון זיין פרוי דריקט אויף אים, ווי אַ באַרג. ער מוז אָבער שווייגן און שווייגט טאַקע.

אָט האָט איר דעם מאַן אין אונדזער פאַרגאַנגענער מאַטריאַרכאַט־תקופה.

און משה דאַנציגער איז דער ערשטער, וואָס זיפצט־אָפּ לייכט, ווען דער גאַנצער שווינדל ווערט אויפגעדעקט. ער איז פריי, ער איז ריין. קיינער איז אים נישט חושד, קיינער האָט אויף אים קיין תרעומות ניט. אַלע באַשירעמען און היטן אים פון דער באַשולדיקונג. ער איז דאָך אַ צאַרטע, פרומע און ערלעכע פרוי אין שרהקעלעס הויז!

עטינגער האָט אין זייער שאַרפע שטריכן געשילדערט דאָס ניט־נאָרמאַלע אינעם לעבן אין יענער צייט. ער האָט מייסטערהאַפט געשילדערט די דאָ ניט־לאַנג־פאַרגאַנגענע מאַטריאַרכאַט־תקופה ביי יידן.

דאָס איז די טענדענץ פון דער גאַנצער קאָמעדיע. און אומזיסט באַמיען זיך אייניקע אויסצוזוכן עכט־משכילישע טענדענצן אין דער קאָמעדיע „שרהקעלע".

עס איז אַ קלוגע און זייער בולטע שילדערונג פון אַ צייט, אין וועלכער די פרוי נעמט אויף זיך די ראָלע פונעם מאַן, און מאַן ווערט די סענטימענטאַלע פרוי. ביידע זיינען נישט אויפן ריכטיקן אָרט.

„שרהקעלע" איז אַ פאַמפלעט קעגן דער „אשת־חיל", קעגן דער הערשאַפט פון דער פרוי. „שרהקעלע" איז דער בייזער גייסט אין איר שטוב; זי דעמאָראַליזירט אַלץ און אַלעמען. זי האָט פאַרקריפּלט איר אייגענע טאָכטער, פריידע אַלטעלע, אירע משרתים און די איבעריקע מענטשן, וואָס שטייען אונטער איר „הערשאַפט". און דערביי איז שרהקעלע ניט־איבעריק קלוג, ניט באַזונדערס ווייטזיכטיק אין אַלע אירע געשעפט־קאָמבינאַציעס. נאָך אַלע זאַכן איז זי ניט מער ווי „אַ נאַרישע יידענע".

עטינגער פֿירט־אַרויס אַ פֿרויען־געשטאַלט, וואָס איז אויפֿגעצויגן געוואָרן אין אַ הויז, ווו דער פֿאָטער איז געווען דער „איש־חיל״, דער פֿירער און דער געביטער. הינדע, די טאָכטער פֿון שרהקעלעס ברודער ר׳ דוד, איז דער „מוסטער״ פֿון אַ פֿרוי. זי איז ריין, ערלעך, סענטימענטאַל און „שטיל ווי אַ טויב״.

וויל מען דווקא זוכן עטוואָס משכּילישעס אין עטינגערס שרהקעלע, קען מען עס געפֿינען בלויז אין דעם, וואָס עטינגער שילדערט מיט די שענסטע און ליכטיקסטע פֿאַרבן די זעלבשטענדיקסטע און „געבילדעטע״ מענער.

דער געבילדעטער ר׳ דוד און דער סטודענט מאַרקוס רעדליך זיינען די מוסטער־מענער, זיי זיינען די נייע מענטשן, וואָס באַווייזן זיך אינעם יידישן לעבן.

די גערעכטיקייט און דער אמת טרומפֿירן אינעם סוף פֿון דער קאָמעדיע; פֿון שרהקעלען ווערט אַראָפּגעריסן די מאַסקע, און אַלע אָטעמען־אָפּ פֿריי. די דאָזיקע „ליטעראַרישע נאַיוויטעט״ האָט געהערשט אין דער גאַנצער אייראָפּעישער ליטעראַטור, ווען „שרהקעלע״ איז געשריבן געוואָרן.

איין שטריך איז פֿאַראַן אין עטינגערס „שרהקעלע״, וואָס האָט זיך שפּעטער „אָפּגערופֿן״ אין דער יידישער טעאַטער־ליטעראַטור און אַנדערע יידישע ביכלעך פֿון דער השכּלה־עפּאָכע; דאָס איז: די געבילדעטע פּערזאָנען ריידן דייטש. מאַרקוס רעדליך, דער סטודענט; הינדע, דאָס גוט־דערצויגענע מיידל; און דער געבילדעטער ר׳ דוד — ריידן דייטש.

ביי עטינגערן טוען עס די פּערזאָנען אָבער ניט מחמת פֿאַראַכטונג צום „זשאַרגאָן״. ביי אים איז עס נאָר אַ רעאַליסטישער שטריך; ער וויל זיין געטריי דער ווירקלעכקייט.

אין יענער צייט האָבן די געבילדעטע קיין זשאַרגאָן ניט געוואָלט ריידן. עטינגער אַליין לאַכט־אויס די „שוואַכקייט״ אין זיין קאָמעדיע גופֿא. אייך אָרט איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער באַציונג פֿון עטינגערן צו יידיש. ר׳ דוד, שרהקעלעס ברודער, רעדט מיט זיך אַליין דייטש, נאָר מיט דער וועלט רעדט ער יידיש. און ניט נאָר ער רעדט יידיש, ער צווינגט אַפֿילו פֿריידע־אַלטעלען, שרהקעלעס טאָכטער, וואָס ברעכט די צונג אויף דייטש ריידן, צו ריידן פּשוט יידיש.

— איר זעט — זאָגט דוד שמעלקען — „זי הייבט־אָן יידיש צו ריידן. ווי איך זע אָן, וועט איר מיר נאָך אַ מאָל דאַנקען״.

און ניט נאָר אַלטעלע הייבט־אָן צו ריידן פּשוט יידיש, נאָר אַפֿילו די געבילדעטע הינדע, ר׳ דודס טאָכטער, פֿאַרגעסט דייטש און הייבט־אָן ריידן יידיש. ביי זיין דייטש בלייבט נאָר דער סטודענט רעדליך.

מיט אים קאָן עטינגער גאָר ניט מאַכן.

עטינגער שטייט מיט פיל קעפּ העכער פאַר די שרייבערס פון זיין צייט נאָך אין אַ וויכטיקן פונקט: ביי עטינגערן איז די דראַמאַטישע פאָרעם ניט קיין ליטעראַרישער קאַפּריז. ער האָט געהאַט אין זינען אַ סצענע מיט אַלע אירע געזעצן און פאָדערונגען. „שרהקעלע", איז אַ זייער סצעניש ווערק לויט די באַגריפן פונעם טעאַטער אין יענער צייט. קיינער פון עטינגערס חברים, ווי למשל, אַקסענפעלד און אַפילו שפּעטער ר׳ מענדעלע, האָבן ניט געהאַט קיין סצענע פאַר די אויגן, ווען זיי האָבן געשריבן זייערע „טעאַטער־שטיק". ביי זיי איז עס געווען בלויז אַן אַבסטראַקטע ליטעראַרישע פאָרעם. עטינגער האָט געשריבן זיין „שרהקעלע" פאַר אַ בינע, און אפשר מיט דער שטילער האָפענונג צו זען זי אויפגעפירט.

... ווען אונדזער טעאַטער וואָלט געהאַט אַ ביסל פיעטעט צו אונדזער קלאַסיקער און אַ ביסל מבינות, וואָלט „שרהקעלע" ניט איין מאָל אויפגעפירט געוואָרן. פונעם פשוטן „דערפאָלג"־שטאַנדפונקט וואָלט דאָס אַלטע ווערק געלוינט אויפצופירן. עס פאַרמאָגט אַלע סצענישע טריקן, וואָס מאַכט אַ שטיק דעם דערפאָלג.

## אברהם יעקב פּאַפּערנאַ

# די ערשטע יידישע דראַמע און דער ערשטער יידישער ספּעקטאַקל *

. . . אין יאָר 1862, אַז איך בין געקומען צו פאָרן קיין זשיטאָמיר, כדי אַנצוקומען אין דער דאָרטיקער ראַבינער־שול, האָב איך ביי דעם אייבער־לערער פון דער ראַבינער־שול, דעם באַרימטן העברעיסט חיים צבי לערנער, איין מאָל געטראָפן אַ שיינעם, שלאַנקן, בלאָנדהאָריקן יונגנמאַן. לערנער האָט אונדז איינעם דעם אַנדערן פאָרגעשטעלט, אַנדויפנדיק מיין נייעם באַקאַנטן, דעם תלמיד פון דעם פינפטן קלאַס פון דער ראַבינער־שול, אברהם גאָלדענפאַדים. דערביי האָט מיר לערנער גאָלדענפאַדימען רעקאָמענדירט פאַר אַ גוטן העברייער. לערנער האָט אויסגעזוכט עטלעכע נומערן פון „המליץ״, וו: עס זיינען געדרוקט געווען שירים פון גאָלדענפאַדים, וועלכע האָבן געצייגט אין דעם פאַרפאַסער אַ זיכערן פּאָעטישן טאַלאַנט און אַ פיינעם העברעישן סטיל.

. . . אין יאָר 1862 איז געשטאָרבן דער אינספּעקטאָר פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, יעקב אייכענבוים, און אויף זיין שטעל איז אַנגעקומען דער באַרימטער יידישער געלערנטער חיים זעליג סלאָנימסקי. מאַדאַם סלאָנימסקי, די טאָכטער פון באַוווּסטן מאַטעמאַטיקער ר׳ אברהם שטערן פון וואַרשע, איז געווען זייער אַ הויך־געבילדעטע פרוי. בטבע אַן אַסימילאַטאָרין, האָט זי אָבער מיטגעבראַכט פון וואַרשע, ווי אַ קוריאָז, די יידישע דראַמע „שרהקעלע״ פון דאָקטער עטינגער פון זאַמאָשטש. די דראַמע איז איר זייער געפעלן געווען, פלעגט זי ליב האָבן זי פאָרצולייענען פאַר באַקאַנטע. דעם זעלביקן זומער איז איר איינגעפאַלן צו מאַכן אַ ספּעקטאַקל, ווו די דראַמע זאָל געשפּילט ווערן דורך די שילער פון דער ראַבינער־שול.

דער פּלאַן, פאָרצושטעלן אויף יידיש אַ דראַמע, האָט אויסגעזען ווילד ביי דער זשיטאָמירער יידישער אינטעליגענץ, אָבער מאַדאַם סלאָנימסקי איז פעסט באַשטאַנען אויף איר פּלאַן. אפשר האָט זי אַליין געקוקט אויף דעם,

* „דער פנקס״, יאָרבוך, ווילנע, 1912, זז׳ 185—190.

ווי אויף אַ קוריאָז, נאָר דאָך האָט זי זיך דערפאַר גענומען מיט גרויס ענערגיע. זי האָט פונאַנדערגעטיילט די ראָלן, אָרגאַניזירט, רעפּעטירט, געזאָרגט פאַר פּאַסנדיקע דעקאָראַציעס, און דער ספּעקטאַקל איז צושטאַנד געקומען אין קעגנוואַרט פון ד לערערס פון דער ראַבינער־שול און פון דער איבעריקער זשיטאָמירער אינטעליגענץ. דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ פוראָר. די שילער האָבן זייערע ראָלן גוט געשפּילט, נאָר מער פאַר אַלעמען האָט זיך אויסגעצייכנט גאָלדפאַדען, וואָס האָט געשפּילט די שווערסטע ראָלע — סערקעלע.

... אין לעבן פון מענטשן טרעפט אָפט אַ צופעליקע געשעעניש, אַ מאָל צ קלייניקייט, וואָס מאַכט אַזאַ איינדרוק אויף אים, אַז עס גיט אַ בייע ריכטונג זיין גאַנצן צוקונפטיקן לעבן. און איך בין זיכער, אַז אַזאַ שטאַרקע ווירקונג האָט געמאַכט אויף גאָלדפאַדען זיין צופעליקער דעבוט אויף דער סצענע. די אידייע פון גרינדן אַ יידישן פאָלקס־טעאַטער איז דעמאָלט ביי אים געבוירן געוואָרן און האָט פאַרנומען אַזאַ אָרט אין זיין מוח און אין האַרץ, אַז זי איז געוואָרן זיין לעבנס־אויפגאַבע.

מ. ווינער

# ווירקונגען פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור אין עטינגערס „סערקעלע" *

... עטינגער געהערט צו יענע יידישע שרייבערס פון דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, וואָס זיינען צוליב היסטאָרישע סיבות נאָך אויסשליסלעך פאַרבונדן מיט די מערב־אייראָפּעישע קולטור־טראַדיציעס. אין דעם פּרט איז ער נישט אַן „ערשטער", ווי ווײַנרייך מיינט, נאָר פאַר אַ גאַנצן פּעריאָד איינער פון די לעצטע. אין אַ געוויסער מאָס (מען דאַרף דאָס פאַרשטיין **) cum grano salis קאָן מען זאָגן, אַז ערשט פּרץ, אויך אַ פּוי־לישער פון זאַמאָשטש, נעמט ווידער אויף, אויף אַ מער דירעקטן אופן, אַקטועלע השפּעות פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור אין זיין צייט, און גראָד פון דעם פּונקט, ווו עטינגער איז שטיין געבליבן — פון הײַנען און ווייטער.

עטינגער איז באַקאַנט געוועזן מיט היינעס ווערק געוויס ניט ווייניקער ווי מיט לעסינגס. איז טאַקע אינטערעסאַנט פעסטצושטעלן, אַז פון לעסינגן, געלערטן און שילערן האָט עטינגער איבערגענומען ווירקונגען און אַפילו אַנטלייאונגען, כאָטש זייער שאַפן האָט געהערט צו אַ פריערדיקן דור, אָבער פון אייגנטלעכע היינישע השפּעות געפינען מיר גאָר ווייניק אין עטינגערס שאַפן, כאָטש היינע איז געוועזן זיין צייט־חבר און עטינגער האָט אים זייער ליב געהאַט. אין געלערטס „אומשולדיקע גראַמען האָט זיך געהערט אַן אָפּ־הילך פונעם ערשטן שטילן סאָציאַלן געוויטער, פונעם בירגערלעכן זעלבסט־באַוווסטזיין" (פר. מערינג: „די לעסינג־לעגענדע"). ער איז געווען דער ער־שטער, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דייטשן טעאַטער דעם בירגערלעכן שטיי־גער; „זיין משלים־בוך האָט צום ערשטן מאָל געזאַמלט די בירגערלעכע קלאַסן אַרום אַ ליטעראַרישער פאָן" (דאָרט). לעסינג, ווידער, איז דער

---

* מ. ווינער — „צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט", נ"ר, 1945, ז' 264—270.

** מיט שכל הישר.

קלאסישער און קראפטפולער פארקעמפער פון דער דייטשער בירגערלעכער אייפקלערונג. צוליב ענלעכע סיבות זיינען עטינגערן געווען צום הארצן די השפעות פון שילערן. אין היינעס שאפן אבער ווייזן זיך שוין דייטלעך די סתירות, וואס אין דער בירגערלעכער געזעלשאפט, בליצט שוין דורך אן אנזאג פון נייע קאמפן פון א נייעם קלאס — פונעם פראלעטאריאט. עטינגער האט זיך געקאנט קוויקן מיט היינעס דרייסטן שארפזין. דער אינעווייניקסטער דעמאקראטיש־רעוואלוציאנערער מהות פון היינעס „ראמאנטישער" איראניע איז אים געבליבן פרעמד.

ניט פרעמד זיינען אים געווען עלעמענטן פון ראמאנטיק. עטינגער איז אין זיינע משלים, אין „סערקעלע", אין די דראמאטישע פראגמענטן און אפילו אין זיין פאראפראזע פון שילערס „די גלאקע", א רעאליסט, אבער אין א טייל פון זיינע לידער, סיי אריגינעלע, סיי איבערזעצונגען און נאכמאכינגען — איז ער א ראמאנטיקער.

...לויט אונדזער מיינונג איז ווייגרייכס היפאטעזע וועגן דירעקטע ליטערארישע באציונגען צווישן עטינגערס „סערקעלע" און פאנוויזינס קאמעדיע „ניעדאראסל" א טעותדיקע.

...די פראבלעמאטיק פאנוויזינס באוועגט זיך דער עיקר אינעם קרייז פון א זעלבסט־הערשערישער מלוכה — פ ריצים — לייב־אייגנטום. עטינגערן איז דער דאזיקער פראבלעמען־קרייז פרעמד. זיינע אידייען שטאמען פון גאר אן אנדער געזעלשאפטלעכער סביבה. מיט זיין קינסטלערישן שאפן איז ער אייסן אויסצופורעמען און צו פארפעסטיקן די נייע בירגערלעכע פארמען אינעם שטייגער. קיין שארף־אקטועלע געזעלשאפטלעכע פראבלעמאטיק, ווי ביי פאנוויזינען, וועלן מיר אין זיין „סערקעלע" ניט געפינען. ער טרעט בלויז ארויס קעגן דעם פעאדאליש־אפגעשטאנענעם פסעוודא־בורזשוא, דעם פארוועגיי (סערקעלע, איר טאכטער, גבריאל העגדלער), קעגן אומבארעכטיקטע פרעטענזיעס, וואס באזירן זיך אויף בישט־גילטיקער פרומקייט (קעגן צבועקישקייט — טארטיף־מאטיוו!) און קעגן א באשטימטן טיפ פעאדאליש־אפגעשטאנענעם קליינבירגער (שמעלקע טרויניקס, יוחנן שדכן אאז"וו). ער אידעאליזירט דעם אויפגעקלערטן בורזשוא און זיין צוקונפטיקן „געהילף", דעם אינטעליגענט, דעם סטודענט. ווי מיר זעען, איז ניט פאראן קיין אינהאלטלעכע באריר־פונקטן אין די ווערק פון די דאזיקע צוויי שרייבערס.

פאנוויזין געהערט נאך צו דער מאליערישער שול. זיין „ניעדאראסל" איז נאך ניט קיין „בירגערלעכע קאמעדיע" פונעם נייעם שניט; עטינגערס „סערקעלע" (ער כאראקטעריזירט זי ווי א „פאמיליען־געמעלדע") איז אבער א טיפיש ווערק פון דעם זשאנער.

אין פּאַנוויזינס קאָמעדיע זיינען טאַקע פאַראַן אַ סך סוזשעטישע מאָמענטן און פאַרשיידענע שטריכן, וועלכע מיר געפינען אין „סערקעלע”.

. . . פּאַנוויזין, וועלכער האָט געקענט די פראַנצויזישע און דייטשע ליטעראַטור, האָט געבויט זיין ווערק לויט אַן ענלעכער טעמאַטישער סכעמע, ווי למשל, לעסינג זיין קאָמעדיע „דער אוצר” („דער שאַץ”). לויט דער זעלביקער סכעמע האָט אַ סך שפּעטער קאַצעבו געשריבן אַ פּיעסע, צו וועלכער עטינגערס „סערקעלע” איז ניט ווייניקער ענלעך איידער צו פּאַנוויזינס קאָמעדיע. אין קאַצעבוס קאָמעדיע זיינען אַפילו פאַראַן אַזעלכע מאָמענטן, וועלכע מיר געפינען אין „סערקעלע” יאָ און אין „ניעדאַראָסל” לחלוטין ניט. למשל, די (אַלטע קאָמעדיע און אין דער בירגערלעכער דראַמע פּאָפּולערע און שאַבלאָנישע) פיגור פונעם בעל־אַכסניה (אין „סערקעלע” — שמעלקע טרויניקס). אַנדערע מאָמענטן פון „סערקעלע”, למשל, די פיגור פונעם שדכן און פונעם משרת, זיינען פאַראַן אין לעסינגס קאָמעדיע (אויך אין „לייכטזין אונד פרעממעלייא” און אין אַגעווע) און פעלן ביי פּאַנווי־זינען אאַז״וו.

מיר וועלן דאָ פּרווון קורץ סקיצירן די דייטלעכסטע סוזשעטישע אַנטלייאונגען, וואָס לאָזן זיך דערקענען אין עטינגערס „סערקעלע”.

קודם כל דאַרף מען נעמען אין אַכט די ווירקונג פון וואָלפסזאָנס „לייכטזין אונד פרעממעלייא”. וויכטיקער איז די אוממיטלבאַרע ווירקונג פון דער אַגעווע, אין וועלכער עטינגער האָט געפונען דעם ליטעראַרישן פּראָטאָטיפּ פון זיין סערקעלע־פיגור (די פיינע־בריהטע). לויט פרצעס עדות־זאָגן, ווייסן מיר, אַז עטינגער האָט אַ חוץ דעם אויסגענוצט פאַר דער דאָזיקער פיגור אַ פּראָטאָטיפּ, אַ געגומענעם פונעם לעבן (די „קאַלטע מומע” פרצעס). פאַר אַ קינסטלער פון עטינגערס ראַנג איז דאָס זעלבסטפאַרשטענדלעך. די בלאַסע סכעמעס פון די פריאיקע יידישע פּיעסעס האָט עטינגער אָנגעפּולט מיט לעבן און ווירקלעכקייט.

וואָס שייך אַנטלייאונגען פון אַנדערשפּראַכיקע ליטעראַטורן, איז ערשטנס קלאָר, אַז עטינגער איז געווען באַקאַנט מיט מאָליערס „טאַרטיף” (זאָל זיין אין אַ דייטשער איבערזעצונג), וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין די אויפקלער־קרייזן. די פיגור סערקעלע איז אין אַ געוויסער מאָס אַ קאָמבינירטער סינטעז פון דער אַלטער „מאַדאַם פּערנעל”, „מאַדאַם עלמיראַ” (אָרגאָנס מוטער און זיין פרוי אין מאָליערס „טאַרטיף”), דער „פיינע־בריהטע” פון אַגעווע און דעם פּראָטאָטיפּ, וואָס איז גענומען געוואָרן פון ווירקלעכן לעבן („די קאַלטע מומע”).

די פּאָפּולערע טעמע וועגן דער קלוימערשטער יתומה, וואָס לעבט ביי אַ

פעטער און מומע, אין וועגן דעם פאָטער וואָס איז אַוועק אין ווייטע לענדער צוליב זיינע געשעפטן, און צוריקקומענדיק לייזט ער אַלע פאַרוויקלונגען און אָנגעזאַמלטע אינטריגעס, קומט שוין פאָר אין לעסינגס אַ יוגנט־ווערק, אין דער קאָמעדיע „דער שאַץ" (1750). אין קורצן איז דער אינהאַלט פון דער דאָזיקער פּיעסע אַזאַ: אַ פאָטער לאָזט זיך אַוועק אויף אַ סך יאָרן אין ווייטע לענדער, ער פאַרטרויט זון, טאָכטער און פאַרמעגן זיינעם אַ פריינט, פון וועלכן די גאַנצע שטאָט האַלט דערנאָך, אַז ער האָט ביי די קינדער, די יתומים, צוגענומען זייער פאַרמעגן. דער זון איז אַ ניט־געראָטענער הוליאַקע; די טאָכטער די יתומה האַלט מען אין שטאָט פאַר אַן אָרעמע. צוליב דעם קאָמפּליצירט זיך איר לעבנס־געשיכטע. אינעם וויכטיקסטן מאָמענט פון דער אינטריגע קומט פּלוצלינג, נאָך איין יאָר, דער פאָטער אַהיים, צערעדט זיך אומדערקענטערהייט מיט אַ פרעמדן וועגן זיינע קינדער און וועגן זיין פריינד, און צעבינדט לסוף די אָנגעזאַמלטע פאַרוויקלונגען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די קינדער זיינען רייך, און אַלץ ענדיקט זיך צום גוטן. די יתומים האָבן חתונה מיט די, וואָס זיי האָבן ליב און די, וואָס האָבן שלעכט געהאַנדלט אַקעגן די קינדער, איז מען מוחל זייער זינד. אין דער דאָזיקער פּיעסע געפינען מיר שוין אַ גאַנצע ריי סוזשעטישע שטריכן און פיגורן פון „סערקעלע" (דער מאָטיוו פונעם פאַרשטעלטן פרעמדן חזרט זיך איבער אויך אין עטינגערס פראַגמענט „דער פאָטער פון אַמעריקע"). עטינגער, ווי אַלע משכילים, האָט שטאַרק געהאַלטן פון דעם מחבר פון „נתן דער חכם", ער האָט דאָך אויך איבערגעזעצט עטלעכע זיינע משלים און עפּיגראַמען. עס איז זייער מעגלעך און קרוב לאמת, אַז עטינגער איז געווען באַקאַנט מיט די שוואַכע פּיעסעס פון לעסינגס יינגערן פּעריאָד, צו וועלכע עס געהערט: „דער פרייגייסט", „די יידן", „דער מיסאָגין" און אויך די פּיעסע, וועגן וועלכער מיר רעדן: „דער שאַץ". פאַראַן שטריכן אין „סערקעלע", וואָס קאָנען זיין אַן אָנצוהערעניש אויף ווירקונגען פון יענע פּיעסעס לעסינגס. למשל, די ראָל און דער כאַראַקטער פון די משרתים (חוה, חיים, ירחמיאל) זיינען אין „סערקעלע", ווי ביי לעסינגן, דיפערענצירט לויטן כאַראַקטער פון די באַלעבאַטים און פון די פאַרשוינען, פון וועלכע זיי האַלטן. אין די הויפּט־אינטריגעס נעמען ביי לעסינגן די משרתים אַ וויכטיקן אָנטייל, און אַ חוץ דער הויפּט־ליניע אין דער סוזשעט־אַנטוויקלונג צווישן די הויפּט־פיגורן פירט זיך אויך געווינלעך אַ נעבן־ליניע און אינטריגע צווישן די משרתים, וואָס ווערט געלייזט צום גוטן און ענדיקט זיך אויך מיט אַ חתונה. די דרייסט־שטיפערישע משרתים פון מאָליער און באָמאַרשע דיפערענצירן זיך ביי לעסינגן אין איידל־סענטימענטאַלע און אין כיטרע־האַמעטנע פאַרשוינען. עס ווענדט זיך, ווער זייער באַלעבאָס איז. פאַר דער קלוגער, איידל־סענטי־

מענטאַלער חתן האָט זיך געקענט געפינען אַ ליטעראַרישער פּראָטאָטיפּ אין דעם דינסט־מיידל ליזעט, וואָס פיגורירט אין עטלעכע קאָמעדיעס לעסינגס. דער נאָטאַר און שדכן סאַלביסט אין לעסינגס „מיסאָגין", וואָס רעדט אַזוי אייגנאַרטיק נאַריש און פּאַסט זיך שטענדיק צו צו דעם, מיט וועמען ער רעדט, האָט ביי עטינגערן געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יוחנן־שדכן.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון סערקעלען איז, וואָס זי, דער פּאַרוועניו, באַרימט זיך אָפט מיט איר פאַלשן יחוס. דער דאָזיקער שטריך שטאַמט אורשפּרינגלעך פון מאָליערס „בירגער אַלס אדליקער" (פון די פראַנצויזישע מאָליער־נאָכמאַכערס איז דער מאָטיוו פון „בורזשואַ־זשענטילהאָם" שוין לאַנג אויסגענוצט געוואָרן פאַר פּרויען־פיגורן). עטינגער האָט אָבער דעם דאָזיקן שטריך געקאָנט נעמען פון „לייכטזין אונד פרעממעלייא" אָדער פון דער אגעווע, ווו ער איז אויך דייטלעך פאַראַן. פאַר אלטעלעס קודעריש־„געבילדעטער" שפּראַך האָט עטינגער געקאָנט געפינען אַ מוסטער אין שילערס „אינטריגע און ליבע", ווו די נעגאַטיווע שפּראַך פון דעם שטאָט־מוזיקאַנטס פרוי רעדט אין אַן ענלעכן משונהדיקן קודעריש. אַגב, דערמאָנט די טעמע פון עטינגערס פראַגמענט „דער פעטער פון אַמעריקע" אין שילערס קאָמעדיע „דער נעפע אַלס אָנקל".

עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז עטינגער האָט לעסינגס פּיעסע „דער שאַץ" נישט געקענט, נאָר בלויז די פּיעסע, וואָס קאָצעבו האָט נאָכגעמאַכט לויט לעסינגן (קאָצעבו פלעגט שטענדיק גנבענען און איבערפלעכלעך נאָכמאַכן טעמעס פון לעסינג, געטע, שילער א״אַ). די טעמע פון דער דאָזיקער פּיעסע קאָצעבוס איז: אַ יתומה לעבט ביים פעטער; איר פאָטער איז אַוועק אין ווייטע לענדער; די מומע — אַ מין פּראָסטאַקאָוואַ, מאַטערט זי; איר פעטער איז אַ שוואַכער כאַראַקטער. די יתומה איז פאַרליבט אין דעם פעטערס און מימעס זון, איר געשווסטערקינד, וועלכן מען וויל צווינגען חתונה האָבן מיט אַן אַנדער מיידל, אַ מיאוסער אָבער אַ רייכער. נאָך אַן אינטריגע צווישן די קרובים קומט דער יתומהס פאָטער צוריק אַ רייכער, פּרווט־אויס איינקאָגניטאָ זיינע אייגענע און בינדט־אויף אַלע פאַרוויקלונגען. אינעם פאַרלויף פון דער אַקציע דרינגט־אַרויס דער מוסר־השכל: אַז דער אָרעמער טייל פון דער דאָזיקער משפחה איז זייער „איידל", דער רייכערטייל, דער פּאַרוועניו־האַפּטיקער, איז פאַלש און ניט־אויפריכטיק. קאָצעבוס פּיעסע (1795) האָט עטינגער געקאָנט לייענען און זען געשפּילט אין דער דייטשער שפּראַך, אָדער אין אָדעס, אָדער אין לעמבערג. אין דער דאָזיקער פּיעסע איז פאַראַן די פיגור פונעם בעל־אַכסניה, פונקט אין דער זעלביקער

ראָל ווי שמעלקע טרויניקס אין „סערקעלע״. ביי פּאַנוויזינען פעלט זי אינ־גאַנצן.

מיר זעען, אַז ס׳איז ניט נייטיק אָנצוקומען צו דער אָנגעצויגענער השערה וועגן אַ השפּעה פון פּאַנוויזענען, וואָס לייגט זיך אַזוי ווייניק אויפן שכל. אַ סך וואָרשיינלעכער זיינען די השפּעות פון מאָליער, לעסינג, שילער און קאָצעבו.

די וויכטיקסטע השפּעה, וואָס שייך דער טראַדיציע אין יידישער שפּראַך, האָט עטינגער געצויגן פון דער אַנאָנימער „געגנאַרטע וועלט״, דעם באַדייטנ־דיקן רינגעלע אין דער ליטעראַטור־היסטאָרישער קייט, וואָס ציט זיך פון אייכל און וואָלפסאָן איבער עטינגערן, אַקסענפעלדן („געגנאַרטע וועלט״, „מאַן און ווייב״) און גאָטלאָבערן („דעקטוך״) ביז צו גאָלדפאַדענען („מומע סאָ־סיע״), ווינטשעווסקין, שלום־עליכמען און ווייטער.

אין עטינגערס פּיעסע זיינען נאָך פאַראַן באַשטימטע מאָמענטן פון דער מאָליערישער כאַראַקטער־ און סיטואַציע־קאָמעדיע, כאָטש זי איז אַ „בירגערלעך״ שוישפּיל לויטן נוסח, וואָס לעסינג האָט איינגעפירט אין דייטשלאַנד. זי איז סענטימענטאַל אינעם ליבע־מאָטיוו און זשאַנער־מאָלעריש. אַ חוץ דעם אָבער געפינען מיר אין דער פּיעסע אַ ביז גאָר וויכטיקע נייס, וואָס הייבט די טראַדיציאָנעלע פיגורן אַרויס ביז צו קינסטלערישער אָריגי־נעלקייט: איך מיין דעם מאָמענט פון רעאַליסטישן שטייגער אינעם אופן ריידן. דאָס דאָזיקע נייס באַווייזט, ניט ווייניקער ווי די איסגעצייכנטע קאָמ־פּאָזיציע, די מדרגה פון עטינגערס קינסטלערישקייט.

„סערקעלע״ איז נאָך הייגט ליינבאַרער איידער לעסינגס יוגנט־קאָמעדיע „דער אוצר״. קינסטלעריש שטייט זי געוויס ניט נידעריקער פון פּאַנוויזינס „ניעדאָראָסל״ און אַ סך העכער פון קאָצעבוס נאָכמאַכעריי. ניט געקוקט אויף אַלע זעלבסטפאַרשטענדלעכע ליטעראַרישע השפּעות, איז „סערקעלע״ אַן אָריגינעל קינסטלעריש ווערק, און ווײלכן עס ווערן צום ערשטן מאָל פיק־סירט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ ריי ספּעציפישע נאַציאָנאַלע פיגורן, וואָס האָבן זיך דערמאָלט אין דער ליטעראַטור, און זעלטן ווען בולטער און קינסטלעריש שאַרפער, אַ סך מאָל איבערגעחזרט.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ קודם: אַ האַרציקן דאַנק מיין טייערן פריינד ד״ר מאַקס וויינרייך פאַר זיין דערלויבן צו באַניצן טעקסטן פון „אַלע כתבים פון ד״ר שלמה עטינגער“. די דאָזיקע אַקאַדעמישע אויסגאַבע, דערשינען אין ווילנע אין 1925, אונטער זיין רעדאַקציע, מיט זיינע שילדערונגען פון עטינגערס לעבן און שאַפן, אָפּשאַצונגען און וויכטיקע הערות, איז אַ חוץ דער בעסטער מקור פון סדרה עטינגער — דער סאָלידסטער צושטייער פאַר דעם אויפגעקומענעם אינטערעס צום עלטערזיידן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

◈ די דאָזיקע אויסגאַבע פון **שלמה עטינגערס אויסגעקליבענע שריפטן**, ווי יעדע איינע פון דער ביבליאָטעק, אַרויסגעגעבן דורך דעם ליפשיץ־פאָנד ביים קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע, צילט צו העלפן באַפעסטיקן די באַ־ציונג צו מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור ווי צו ספרים, מען זאָל זיי נישט בלויז לייענען, נאָר אויך לערנען. דערפאַר ווערן דאָ אַריינ־געפירט אַרבעטן, פראַגמענטן, וועלכע זאָלן סוגערירן ווייטער צו זוכן, לייענען, פאָרשן, וועלן זיך פאַרטיפן אין ליטעראַטור פון כלערליי מינים, בעלעטריס־טיק און געשיכטע, פילאָלאָגיע און זכרונות, פון די לעצטע יאָרן, ווי פון אַמאָל, פון לייכטן לייענשטאָף, ווי פון סינטעזן. ממילא איז דאָ נישט די כוונה צו פאַרשפאָרן די אַרבעט פון נאָכזוכן אַ מאָל אין אַ ווערטערבוך אָדער ענציקלאָפּעדיע. פאַרקערט: אָנרעגן צו זוכן ווייטער, לייענען ווייטער, לערנען ווייטער.

◈ פרינציפּיעל דאַרף אין די ביכער אָפּגעהיט ווערן דער ייוואָ־אויסלייג. אויב עס זיינען פאָרט דאָ אָפּנייגן, איז דאָס מער ווי אַלץ איבערן פעלן פון נייטיקע נקודות אין אייניקע אותיות אָדער זאַצשריפט. אין דעם בוך, עטינ־גערס, זיינען דאָ ווערטער אויסגעלייגטע פאַרשיידן — דאָס ווערט געטאָן מיט אַ כיוון, ווען עס איז נייטיק אונטערצושטרייכן דעם דיאַלעקט אָדער אָפּצוהיטן דעם גראַם, אין עטינגערס נוסח.

◈ עס פאַרדינען אַ דאַנק פאַר אַרויסהעלפן מיט ביכער: די צענטראַלע ביבליאָטעק פון ייוואָ אין ב״א דורך איר טרייען ביבליאָטעקאַר ד״ר מיכאל לייבאָוויטש און פּ׳ משה לייוואַ מיט זיין פּריוו׳ ביבליאָטעק.

ש. ר.

SHLOIME ETINGER

# COMEDIA, FABULAS, EPIGRAMAS

Y ESTUDIOS LITERARIOS
SOBRE SU APORTE A LA LITERATURA IDISH

●

CONFEDERACION PRO-CULTURA JUDIA
Ayacucho 483 - 485 Buenos Aires

SHLOIME ETINGER

# Comedy, Fables, Epigrams

AND STUDIES ON THE JEWISH LITERATURE



CONGRESS FOR JEWISH CULTURE

